מ. קאָלצאָוו

# איך וויל פליִען

ייִדיש — ד. וואָלקנשטיין

מעלוכע־פאַרלאַג פאַר די נאַציאָ־
נאַלע מינדערהייטן אין אוסר״ר

כאַרקאָוו 1933 קיִעוו

די ביבליאָגראפישע פארצייכענונג פונעם
בוך און די ציפערן פאר ביבליאָטעק־
קאטאלאָגנ זיינען אָפגעדרוקט אין „צייט־
שריפט פון דרוק" און אין דעם קארטנ־רע־
פערטואר פון דער אוקר. ביכער־פאלאטע.

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער — ל. שעכטער
טעכ. רעדאקטער — ז. וואָרטמאנ
קאָרעקטער — אי. שטולמאנ
פאפיר 110 X 72 — 55 — קג 1|32
אינ פאפיר־בויגנ 110000 ט. צייכנס.
איבערגעגעבנ אינ זאצ — 20|VI — 1933
אונטערגעשריבנ צומ דרוק — 14|VII — 1933
פארלאג 161 — E №

אלוקר. פאָליגר. פאריייניקונג.
בערדיטשעווער 3־טע דרוקעריי,
באשט. 2564 3000 עקז. 8 דר. בויגנ
הויפטליט נומ. (639) 2872, שטאָטליט נומ. 352
25־VII 1933 יאָר.

# א לופט־רייד

קארל איוואנאָוויטש האָט מיכ אופגעוועקט מיט זײַנ הילכיקנ אײַנוואשנ זיכ סאמע באַ מײַנ צוקאָפּנס. איכ האָב ארויסגעשטעקט די נאָז פונ אונטער דעמ לײַלעכ, וואָס האָט מיר פֿארביטנ א קאָלדרע, אונ כאָטש מיט פארשלאָפענע, דאָכ מיט בייזע אויגנ, האָב איכ א קוק געטאָנ אפ קארל איוואנאָוויטשנ. ע׳ איז געשטאנענ אינ א שטײַפער פאָזע איבער דעמ מארמערנעמ וואשטישל, געקוועטשט דאָס קרענטל אונ אונטערגעשטעלט זײַנע געגאָלטע הארטע באקנ אונטער די דינע שפריצ־שטראָמענ פונ דעמ פאָנטאנ־וואסערל.

„וואָס, — האָב איכ מיר געטראכט, — האָט ער צו מיר? ער זעט גאנצ גוט, אז ער האָט מיכ אופגעוועקט, נאָר ער מאכט זיכ, קלוימערשט ער באמערקט ניט... א מִיעסעוו׳ מענטש!"

איכ האָב צוגעזשמורעט די אויגנ אונ גענומענ זיכ אײַנקוקנ. קארל איוואנאָוויטש איז געשטאנענ ניט אינ קיינ פיסטערנעמ וואָרעמענ כאלאט, אונטערגעגארטלט מיט א פאסיקל פונ דעמזעלבנ צײַג, אויכ ניט אינ קיינ געשטריקטער יארמעלקע מיט א קוטעסל, אזויווי ס׳וואָלט געדארפט זײַנ לויט טאָלסטויס „קינדהײַט". קארל איוואנאָוויטש איז געװאנ אינ אָנגעטאָנ אינ פעסטע הויכע שטיוול, אונ פלודערנ כאקי. ער האָט אפ זיכ רירעוודיק ארופגעצויגנ די גימנאסטיאָרקע, האָט זיכ אונטערגעבונדנ מיט א טונקעלנ רימענ מיט אנ אײַזערנער שפּראָנצקע, פאריכט די ברילנ אפ דער נאָז אונ גענומענ זוכנ דאָס היטל מיט דעמ רויטארמייִשנ שטערנ. דאָס איז, אָנ שומ סאָפעק, ווירקלעכ געווענ דער לערער קארל איוואנאָוויטש, נאָר בעשומויפנ ניט דער לערער פונ טאָלסטויס „קינדהײַט" — ס׳איז געווענ קארל איוואנאָוויטש גריונשטיינ, אנ

אַלטער באָלשעוויק, דער שטרענגער נאטשאלניק פון דער סעוואסטאָפּאָלער מיליטערישער אוויאַ־שול, דער הערשער און באַפוילער איבער דעם אָפּגעשלאָסענעם לאגער־שטעטל דרײַסיק ווערסט פון דער צאָפּן־בוכטע. האָב איך שוין אויך אראָפּגעוואָרפן פון זיך, צוזאמען מיטן לײַכטן האלבן דרימל און מיטן לײַלעך, די קאיאָר־אויסדאכטענישן פון טאָלסטויס ניקאָלענקע אירטעניעוו, זיך אופגעכאפּט מיט דער מאכשאָווע וועגן דעם אעראָפּלאן, וועגן אנגאָרע, און האָב אויך מיט אײַלעניש זיך אָנגעבויגן איבער דעם וואש־טישל.

האלב דרײַ פארטאָג האָבן זיך אָנגעצונדן לענגויס דעם שאָסיי, אזויווי אף איבערגעצויגענע פעדים, די עלעקטרישע לאמטערנס. קארל איוואנאָוויטש לאָזט זיך אראָפּגיין פון דעם פּאראד־צופּאָר, דער וואכטער ראפּאָרטירט אים און סאליוטירט, א ווינטל פּאָרפּלט צווישן די אײַנגעטריקנטע גראָזן; דער קוכער, פארקנעפּלענדיק זיך איבערן וועג, לויפט אינדערגיך צוגרייטן דעם איבערבײַסן.

אינאיינעם מיט אונדז וואכט אוף און ס'הייבט זיך אָן צו באַוועגן לויט דעם אײַנגעשטעלטן סיידער דאָס גאנצע לעבן פון דער שול. הונדערטער אוויאַ־שילער זײַנען שוין אף די פיס. ארום די לאנגע טישן פון דעם פארגאָסענעם מיט ליכט עס־זאל הערט זיך א געקלאפּ פון טיי־קווערטלעך מיט לעפעלעך. נאָכדעם — באלד צו דער ארבעט, צו דער לערע פון דער שווערסטער קענטעניש און קונסט.

דרײַ יאָר — טאָג־אײַן, טאָג־אויס, אופכאפּנדיק זיך נאָך איידער ס'הייבט אָן צו שארײַען אף טאָג, גרייט זיך די יוגנט צו ווערן שוימערס און סאָלדאטן פון דעם לופט־אָקעאן. דרײַ יאָר, טאָג־אײַן, טאָג־אויס, ארבעט מען, באקעמפנדיק אין זיך די ערדישע שרעקן און געוווינהײַטן, וואָס מע האָט ארײַנגעזויגן אין זיך אינאיינעם מיט דער מאמעס מילך אין מעשעך פון טויזנטער דוירעס, — מע ארבעט אין זיך אויס און מע דערוועבט נײַע

געוווינהײַטן: צו טראָגן זיך ווי א פייגעלע, אונטער די כּמארעס, זיך ווארפן אין די לופט־גריבער, שלײַדערן באַמבעס אף דעם אָנגעפלויגענעם סוינע, געוווינהײַטן פאר אויסשפיר, פאר פאר־ניכטונג און פאר פארבינדונג.

דורך דעם מוטנע־־גרוילעכן פריש־אָטעמענדיקן פעלד אײַלן מיר דורך צום עראָדראָם. מיט אונדז צוזאמען גייען אין א בינטל די אלע, וואָס האָבן א שײַכעס צום לופט־רייד, און די מיטפילנדיקע. קארל איוואנאָוויטש העצקעט זיך אלעמאָל אונטער אף זײַן וועלאָסיפעד, פון די פעלד־הרודעס, זיך סטארענדיק צו האלטן זיך אינײנעם מיט די צופוסגייענדיקע.

ארום די אנגארן, אונטער די אָנגעצונדענע לאמטערנס, איז אלץ אין באוועגונג. די בלאָקן קוויטשען בא די אופפראלנדיקע טירן, רויטארמייער שלעפן ארויס די „אווראָשקעס” פון די שילערס וועגן. דער פּאָשעטער טרעניר־אַעראָפּלאן „אווראָ”—דאָס איז דאָס ערשטע שטילע רײַט־פערדל בא דעם קינפטיקן לופט־רײַטער. באם „אווראָ”—איז א מינימאלע גיכקײַט, אן איינפאכע אָנפירונג, א גרויסע שטאנדהאפטיקײַט אינדערלופטן און אן אומדערמידלעכער לעבנס־קייעך בא אווריעס. מיט אים שטעלט דער שילער זײַנע ערשטע טריט אינדערלופטן, אף אים דער־פילט ער די וווּנדערלעכע געוועלטונגס־מאכט איבער דער מאשינ. בא זײַן רודער קומט אין אים פאָר דער איבערגעבורט פון א מענטשן פראָסט פאר זיך — אין א לופטפליער. און אף אים אי־בערצײַגט ער זיך טראגיש אינעם אלטן געזעצ וועגן דער צו־ציונגס־קראפט פון דער ערד, ווען ער צעברעכט זיך א האנט, דעם נאקן, א פליגל פון דער מאשינ.

טונקל אָפּגלאנצנדיק מיט די שווארצע קײַלעכיקע בײַכער, פּאָרפלענדיק מיט די קורצע פּראָפּעלערס, קוקן די אווראָשקעס, ווי אופמונטערנדיק, אף זייערע יונגע אומראכמאָנעסדיקע רײַטער־פײַניקער. נאָר די פרישע לאטעס אף זייערע צעשעדיקטע זײַטן גלאנצן אָפּשרעקנדיק.

פּאָרויס, באַזונדער, ווײַזט זיך דײַטלעך אין דער אָנלעוואָנע־
דיקער טונקלקײַט דער „רויטער שטערן". בײַ אים איז אַן אויס־
געצויגענער, שלאַנקער, מאָגערלעכער פּיוזעליאַזש, ברייטע, עט־
וואָס מעשופּעע אַף אַרויפֿצו פֿליגל־פּלאַכן און אַ מאַסיווער מאָטאָר,
וואָס איז אַרויסגערוקט פֿאָרויס צו ווײַט. צוליב דעם היפּשן ראַדיאַ־
טער באַקומט דער גאַנצער אַעראָפּלאַן אַן אויסזען פֿון אַ גרויסקע־
פּיקער באַשעפעניש. די גאַנצע קראַפֿט פֿון אָט דער פֿלי־מאַשין
האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט פֿונפֿאָרנט, צום מאָטאָר־צו, און ער וועגט
אַזויווי אַריבער דאָס לײַכטע מאָגערע געביין פֿון דער מאַשין,
פֿון איר ביינערדיקן עק. און, ניט אָפּצוטשעפּען זיך, פֿאַרפֿאָלגט
מיך אַזאַ בילד: דערלאַנגענדיק אַ זעץ אָן דעם וואַסער, ברעכן
זיך אָפּ אונטער דער שווערקײַט פֿון זייער אייגענער וואָג דער
מאָטאָר מיט דעם ראַדיאַטער און זיי פֿליִען אָפּ, ווי דער מונד־
שטוק פֿון אַ ציבעק, און די פּאַסאַזשירן בלײַבן זיצן אַף דעם
נעבעכדיקן מאָגערן הערינג־וויידל...

גאָלאָוואַנאָוו טראָגט זיך אום, ווי אַ מײַזל־שאָטן, אַרום דעם
אַעראָפּלאַן, גליטשט זיך דורך צווישן זײַנע פֿעדערשטע לאַפּעס
מיט זײַנע געזונטע קניִעס, פֿאַרקלײַבט זיך אין דער גאָנדאָלע,
לייגט איבער אייניקע פּאַקעטן, פֿאַרשווינדט אין דער פֿינצטער
און קערט זיך אום מיט צוויי רויטאַרמייער און מיט צוויי דרענג־
לעך; ער רײַסט אַרויס די דרענגלעך בײַ די רויטאַרמייער פֿון די
הענט, שפּאַרט אונטער מיט זיי די רעדער און לאָזט דעם
היציק־שטורמישן פּראָפּעלער. דאָ אַפֿן אָרט, לויפֿנדיקערהייט, טוט
ער זיך אָן צום פֿאָרן, פֿאַרשפּיליעט זיך אַף די העקלעך און
פֿאַרציט זיך מיט די רימענס.

מעזשראָופּ שטייט אָן אַ זײַט, ווי אַן אומבאַוועגלעכער
מאַסיווער מאָנומענט, אַקוראַט אָנגעטאָן, אײַנגעבינטעוועט אין
שלעם, פֿאַרשנירט אין די הענטשן. ער שמועסט זיך איבער שטי־
לערהייט מיט די סעוואַסטאָפּאָלער פֿליִער וועגן זײַטיקע זאַכן,
האָבנדיק ביז דעם סאַמע אָפּפֿליִען אַן אויסזען פֿון אַ סאָלידן

זאָרגלאָזנ פאסאזשיר, וואָס האָט זיכ אויסגעקליבנ ערגעצ פאָרנ מיט א געניטנ שאָפער אינ א שלעכטנ וועטער. נאָר ווענ דאָס וואַרטעניש און די אָנשטרענגטקייט, צערייצט פונ דעמ גערעוו פונ דעמ מאָטאָר, וועלכנ מע פרובירט אויס, דערגייענ ביז דער לעצטער מאדרייגע, וואכט ער מיטאמאָל אופ, ווייזט ארויס זאָרג וועגנ מיינ ווארעמ גרעט, וועגנ דעמ, וויפל בענזינ און אייל ס'איז פאראנ אינ די באקעס, און גלייכ ווי ער וואָלט קלוימערשט ניט איינגעהערט, צווינגט ער גאָלאָוואנאָוונ איבערכאזערנ עטלעכע מאָל, אז די באקעס זיינענ פול.

קארל איוואנאָוויטש לייגט אונדז פאָר זשילעטנ. זיי זעענ אויס פארדעכטיק. זיי זיינענ גרינגע, גאנצ דינע, אפ זייד און וואטע. לויט דער טעאָריע דארפנ זיי אינ וואסער בליצ־גיכ זיכ אופבלאָזנ און אונדז האלטנ אפ די כוואליעס פיר שאָ נאָכאנאנד, ביז ס'וועט ניט אונטערקומענ א מינע־שיפל און וועט אונדז ארופנעמענ. מיר דריקנ אויס אונדזער האָפענונג, אז דידאָזיקע טעאָריע וועט ניט אויסקומענ צו רעווידירנ אפ דער פראקטיק. די זשילעטנ זיינענ אונדז גאנצ צומ הארצנ, מאכמעס אינ זיי איז אסאכ ווארעמער. מיר ציִענ זיי גיכ ארופ פונויבנ אפ די לעדערנע מאנטלענ. ס'קאָנ געוויס זיינ, אז אזוי צו באנוצנ זיכ מיט זיי איז ניט אינגאנצנ ריכטיק. ס'וועט דעמאָלט אויסקומענ: א) אויסצוטונ אינ וואסער דעמ זשילעט, ב) נאָכ אימ—דעמ מאנטל און דאָס איבעריקע; ג) אופהענגענ דאָס אלצ אינ דער פאָרשטעלונג אפ א צוועקל; ד) נאָכדעמ אפדאָסנ זיכ איבערטונ,—און ערשט דעמאָלט זיכ ראטעווענ לויט די קלאָלימ. אנ אינטערעסאנטע אָפעראציע... איכ צעשטעק אינ די קעשענעס מיינ האלבפונטיקנ באגאזש.

קארל איוואנאָוויטש באקוקט מיט אומצוטרוי מיינ לעדערנעמ שלעמ און פארבייט אימ אנטשלאָסנ אפ א מיליטערישער קאסקע פונ קאָרעק־שטאָפ. אונדזער גיגאנטיש־וווקסיקער פילאָט האָט גרינג ארופגעקלעטערט ארופ, און ער זיצט שוינ באמ רודער.

מיר מיט גאַלאָוואַנאָוונ מאָסטעּנ זיכ לאַנג אינ שיפּעלע, בינדנ זיכ ארומ מיט די רימענס, לייגנ אוועק צו דער האַנט ארומ זיכ אַלע זאכנ, וואָס מע דאַרפ בייסנ פליִענ. דאָ האָט איר א קאָמ־פּאַס אונ א מעטאַליש ווירעלע אפ אויסכעזשבענעג די אָפּווײי־כונגענ, אונ א מאפּע אפ ראָליקעס, אונ בליײערס מיט פּאַפּיר, אונ צוויי פלעשער — איינע מיט נאַרזאַנ, אונ איינע מיט יענער פליי־סיקײט, אנקעגנ וועלכע איכ האָב אָנגעשריבנ אזויפיל דונער־דיקע אנטי־אלקאָהאָל־אַרטיקלענ...

דער הימל איז געוואָרנ עטוואָס ווײַסלעכער, אונ ס'איז שוינ גרינגער צו פאַנאַנדערקלײַבנ די פּענעמער פונ די באַגלײטער, מער באַומרויִקטע, ווי אונדזערע אייגענע, שמייכלענדיקע. קאַרל איוואַנאָוויטש איז זאָרגעוודיק באַשעפטיקט, ווי אנ אַלטער באַלע־באָס, וואָס מאָסטעט אײַנ זײַנ גאַסט אפ טעפּיכער אונ אפ היי אינ א וואָגנ.

אײַנגעהאַלטנ אופגערעגט האַלט זיכ לעבנ אימ ליאָווינ, א פאָרשטייער פונ דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, אנ אויסגעצייכנ־טער פליִער, וואָס איז ערשט נעכטנ אַלײנ געקומענ צו פליִענ פונ מאָסקווע, שטיל־באַשיידנ, אפ זײַנ עראָפּלאַנ, כדי אונדז ארויס־צובאַגלייטנ אינ וועג ארײַנ. ער איז מיטפילנדיק ניט געגאָלט, אונ באַלד נאָכ אונדזער אָפּפאָרנ פליט ער אוועק צוריק קיינ מאָסקווע זיכ אָפּגאָלנ.

— ס'וועט אַלצ אראָפּ גוט, עמעס?.. איר וועט דורכפליִענ „נא יאַט”?

אונ ער שמייכלט צו אונדז, כדי אונטערצוגעבנ מוט, אונ מיר שמייכלענ צו אימ אויכ, כדי אונטערצוגעבנ מוט.

געלאָזט. קאָנטאַקט. איכ האָב זיכ פאַרפאָרעט בא די ברילנ. ס'טראָגט זיי אראָפּ דער שטורעמ פונעמ פּראָפּעלער. קאַמ מיט צאָרעס זיי צוגעשפּיליעט מיט א גומעלע. אונ ביז איכ האָב צו־רעכט געמאַכט, האָבנ מיר זיכ שוינ דערווײַל אָפּגעריסנ פונ דער ערד, אונ דער מאָמענט פונ אופהייבנ זיכ ארופ איז שוינ געווענ

דורכגעלאָזט,—אָט דער שטענדיק פארהוילענער, ניט פארשטענד־לעכער אופלי־מאָמענט, וואָס שטענדיק און פאר איטלעכן פאר־שווינדט ער, וועגן וועלכן קיינער קען קיינמאָל מיט קיין טאָלק ניט דערציילן און ניט איבערגעבן, וויל דאָס איז א וווּנדערלע־כער סאָד, ווו ס'פארייניקן זיך טעכניק מיט נאטור אינײנעם. א סאָד, וואָס לאָזט זיך דערקלערן, נאָר ניט באשרײַבן, אזויווי דער זעץ מיט א באַגנעט, אזויווי א קוש.

מיר נעמען אָן הויכקײַט, דאָס הייסט—מיט א טיפן געקלאנג פונעם מאָטאָר, עקבערנדיק מיט אן עקבער די געדיכטע לופט, גייען מיר ארויף מיט רויקע ברייט־פארנעמענדיקע קרײַזן. א מעכ־טיקע ספיראל צווי קילאָמעטער די הייך, און אינמיטן איז סע־וואסטאָפּאָל מיט אלע זײַנע בוכטעס און פּאָרטן, קאטשא־אינ־קערמאן, באלאקלאווע. דאָס איז א גאנצ לאנגע פּראָצעדור, און איך הייב שוין עטוואָס אָן צו שטוינען. גאָלאָוואנאָוו ווײַזט מיר אָן אפ דעם הייכמעסטער א ציפער, וואָס דער ווײַזער הייבט זיך צו איר אופ זייער לאנגזאם. אזוי וועלן מיר זיך דרייען ביזוואַ־נען מיר וועלן ניט דערגרייכן ביז 2500.

קרײַזנווײַז גייען מיר ארויף א גאנצע האלבע שאָ. נאָכדעם טראָגן מיר זיך דורך איבער געפלעקטע אָנגעוואָרפענע שטיקער. דאָס איז באלאקלאווע,—און מיר רײַסן זיך מיטאמאָל אָפּ פו־נעם ברעג.

זייער א גרויסע הייך, און דער געדאנק „זיך אָפּגעריסן פו־נעם ברעג" נעמט זיך פונדאנען אופ גלײַכגילטיק. אי די ערד, אי דאָס וואסער, אי די לופט—האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אן איינטאָניקער מאסע פון גרויען אש. א גרויסע קאיאָר־פאר־טראכטקײַט פליסט אין די רוימען, מיטן אויג ניט ארומצוכאַפּן. די נאכט האָט זיך צום לעצטן מאָל אָנגעכמורעט. נאָר ביסלעכ־ווײַז ווערט די טונקלקײַט צערונען. א קאלטע זון, לאנגזאם און גלײַכגילטיק, ווי אפ דער ביגע, הייבט אָן באלײַכטן אונדזער פלי־רײַזע.

מיר לעכערנ דורכ רויִק אונ גראָד דיקע לופט־שטרעקעס. דער ברעג איז פונהינטנ ניט געוואָרנ, גלייַכ ווי מע זאָל אימ אראָפּלעקנ. דער אש־גרויער יאמ פונונטנ האָט דערווייַל נאָכ אייגמאָל אונדז א ווייַז געטאָנ א קלייִנטשיק ליכטיק־גרוילעכ פּאסיקל — א מינע־שיפ.

די ראנדנ פונ דעמ יאמ־האָריזאָנט זייַנענ אומדייַטלעכ אונטערגעהויבנ אונ גיסנ זיכ אינגאנצנ צונויפ מיט דעמ גרויענ הימל. מיר פליִענ שוינ אינ אינעווייניק פונ א ניט־דורכזיכטיקער, נאָר בלישטשענדיקער קרישטאָלענער וואזע פונעמ וועלט־קייַלעכ. מיסטאמ דארפ אזא געפיל זייַנ, אונ ער וועט מיסטאמ געוויס זייַנ — בייַ דעמ צווישנפלאנעטנ־איבערפלי. אנ אבסאָליוטע רויִק־רויִקסטע אויסגאנגלאָזיקייַט. גאָרניט — אונטער דיר, גאָרניט — פאָרויס, גאָרניט — ארומ דיר, נאָר דאָס שיפל, דער גערויש, די ווייַזערס אפ די אפּאראטנ, א זשמענקעלע גרינ גראָז, וואָס איז פארבליבנ אפ דעמ שטאָלענעמ טראָס בייסנ אופהייבנ זיכ ארופ. ניטאָ קיינ שומ שרעק. פארקערט — פולע אופגעשרויפטע פאטאליסטישע רויִקייַט. דאָס דרינגט אזוי אריינ אינ גאָלאָוואנאָוונ, אז ער הייבט אָנ היימיש באלעבאטעוונ אפ אָט דער טייַוולאָנישער הייכ. ער נעמט ארויס קאָלבעס, צעשנייַדט אימ אינ די הענטשקעס מיט א מעסער אפ א צייַטונג, רייַסט ארומ דאָס הייַטל אונ לייגט מיר גאסטפרייַנטלעכ פאָר. דערנאָכ הייבט ער זיכ אָנ פאָרקענ מיט די בלייַערס, שרייַבט מיר אָנ א צעטעלע:

„א גוטער וועטער, די זעעוודיקייַט איז נאָר א שלעכטע".

איכ באשליס אויכ זיכ אָנהייבנ באשעפטיקנ מיט מייַנ שטובשטייגער. צומ אלעמ ערשטנ עפּעס פארשרייַבנ אָדער מאכנ א צייכענונג אינ נאָטיצ־ביכעלע. דאָס איז א לאנגע געשיכטע. מע דארפ צעשפּיליענ דעמ רעטונגס־זשילעט, דעמ לעדערנעמ מאנטל, אָפּשפּיליענ די שפּראָנצקעס בא די צובינד־רימענס. ניט געייַלט אונ מיט פארגעניגנ טו איכ דאָס אלצ אָפּ — אונ הייב אָנ שרייַבנ. אינ די הענטשקעס איז ניט באקוועמ, אונ אָנ הענטשקעס איז

קאַלט. אינגאַנצנ ארײַנגעטאָנ זיכ אינ דער ארבעט, הייב איכ ערשט אופ דעמ קאָפּ פונעמ פּאַפּיר, ווענ גאָלאָוואַנאָוו שטעקט מיר אײַנגעשפּארט א נײַ צעטעלע.

דאָס פּאָנעמ איז בא אימ א פארזאָרגטס. ער שאָקלט פּאָרוווּרפיק מיטנ קאָפּ:

„אינגאַנצנ זיכ געביטנ דער וועטער. כמארעס".

אסאַכ כמארעס. זיי טראָגנ זיכ, ווי צעשמאַטעטע קופּעס, אונדז אנטקעגנ. זיי שטעלנ זיכ אויס אינ אנ אומדורכזיכטיקער וואַנט, אינ א געדיכטנ רויכיקנ פּאָרהאַנג גלײַכ פארנ פּאָנעמ. מאָדנע איז צו זענ אָט די כמארעס ניט ערגעצ ווײַט, נאָר גלײַכ פאר זיכ, ווי עפּעס ביטערע סאָנימ, ווי שטיינערנע מאסיווע שטיקער, וואָס פארשטעלנ דיר דעמ וועג. ארײַנכאַפּנ זיכ צווישנ זיי, פארפּלאָנטערנ זיכ — הייסט פארלירנ דעמ אָנגעמערקטנ מארשרוט, הייסט פונ אנ אָרגאַניזירטער מאשינ, וואָס פליט, האַלטנדיק זיכ בא א גלײַכער ליניע, פארוואַנדלט ווערנ אינ א נעבעכדיק, פאַרורטיילט דול־מעשוגע זעמדעלע.

צוליב די כמארעס האָט זיכ פארלאָרנ דער געפיל פונ צווישנפּלאַנעטישקײַט. די כמארעס האָבנ באַלד באצייכנט די ארומיקײַט. די צעשוווּמענקײַט פונ דער שײַנ האָט זיכ אָפּגעשטעלט, די כמארעס האָבנ בוילעטער געמאכט אונטער אונדז דעמ יאַמ. ער איז געוואָרנ לויטערער, שטאָליק, ער איז שיינ אונ בלויט בייזדראָענדיק. ווו־ניט־ווו זעענ זיכ אָנ, ווי פּיצינקעלעכ ווײַסע אָדערלעכ, מעכטיק־גרויסע כוואַליע־גריוועס.

כאַפּנ א קוק פונ דער זײַט פּאָרויס — ווערט שרעקלעכ. דאָס נעמט זיכ פונ די רעדער. אפ לאַנגע שטאָלענע אקס־שטאַנגענ הענגענ די רעדער פונ דער פלי־מאשינ אינדערלופטנ, שאָקלענדיק זיכ קאַמ־קאַמ פונ א שטויס, אָדער פונ די לופט־גריבער. זיי זײַנענ צוגעפּאַסט אפ צו קײַקלענ זיכ איבער דער ערד, אונ דאָ הענגענ זיי אָנמעכטיק, — די איינציקע טייל פונ דער פלי־מאשינ, וואָס נעמט ניט קיינ טעטיקנ אָנטייל אינ דעמ פליִענ. זיי סטאר־

טשען, ווי די פיס באַם מוליער, וואָס האָט זיך פאַרקלייבן אייַנ־
דערהייך אפ א הימל־קראַצער, געבליבן הענגען טויט־פאַרגלי־
ווערט איבער דעם טהאָם, ווי די פאַריסענע קאַפּיטעס בא פּאַל־
קאָנעטעס פערד אין לענינגראַד. פון זייַנ אומבאַוועגלעכנ הענגענ
ווערט אומהיימלעך אפּנ האַרצנ.

נאָר ס׳איז גענוג א קוק צו טונ אפּ עפּעס אנדערש, און ד
ווערסט באַלד באַרויִקט. דאָס איז—מעזשראַופּס פּלייצע, א פעסטע,
רויִקע פּלייצע, וואָס ווייַזט ניט אַרויס קיינ שום סימאָנים פונ
צערודערטקייַט. דער פּליִער זיצט זיך רויִק, אָפּגעוואָרפנ צו דעמ
אָנשפּאַר־ווענטל פונ זייַנ זיצ־אָרט אינ א פרייַ־געמיטלעכער פּאָזע,
ווענ־ניט־ווענ מיט א מינדסטנ קער דעם קאָפּ באַקוקנדיק די
פּלאַנגענ. די פּלייצע זאָגט אייַך וועגנ דעמ, אז דער פּילאָט
רעכנט אויס ניט געייַלט, באַקלערט,—אז ער וואַרט אפּ עפּעס
אויס.

דער ווייַזער אפּ דעמ הייכמעסטער הייבט זיך מיטאַמאָל אָנ
אַראָפּלאָזנ אַראָפּ־צו. גאָלאָוואַנאָוו לעבט אופּ און נעמט זיך מיט
שטומצייכנס מיר דערקלערנ דעם מאַנעווער, וואָס מעזשראַופּ
האָט פאַרקלערט. דער פּליִער וויל זיך געבנ א טונק אַרונטער
אונטער די כמאַרעס, דורכגיינ דאָרטנ אַרום, ווי דורך א טונעל,
און זיך אַריבערכאַפּנ אפּ א פרייַ אָנוואָלקנדיק אָרט, אויב אזעלכע
זייַנען פאַראַנ. מיר וועלנ פאַרקלענערנ די הייך, ס׳וועט זייַנ גע־
פערלעכער צו פּליִענ, נאָר אויב טונ אנדערש, ריזיקירנ מיר זיך
פאַרפּלאָנטערנ אינ דער נאַסער פינצטערער כמאַרע־געדיכ־
טעניש.

אינדערעמעסנ, מיר האָבנ זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער און
מיר גייענ אונטער די כמאַרעס, ריכטיקער—קימאַט אינ די כמאַ־
רעס. די שנעלקייַט פאַרשטאַרקט זיך אַלצ מער, די פייַכטקייַט
נעמט דורך אפּ דורך און דורך. דער ווינט בריט ביז מעשוגאַעס
אינ פּאָנעמ אַרייַנ, שווינ קימאַט ניט מעגלעך זיך אופּצוהייבנ פונ
דעם אָרט. די קאַסקע פונעמ קאָרעק־האַלצ רייַסט עס אַראָפּ אפּ

צוריק, עס שלעפט זי פונעם קאָפּ אראָפּ,—מע דארף זי שטארק אָנרוקן און אונטערבינדן. אָרעמער מישע ראָזענבלאט פון אונד־זער „פּראוודא"! ער איז אומגעקומען איבער אן אומגעלומפּער־טער צופעליקער נארישקייט, אָט דער ווונדערלעכער באָכער מיט נייגונגען צו העראָיזם. דער אלטער פליִער ראָסינסקי, וואָס האָט דורכגעפירט די אויספאָרשונג וועגן דער כארקאָווער קאטאסטראָ־פע, האָט ארויסגענומען פונעם פּאָרטפעל און מיר געוויזן א שטיקל באשלאָג־צייַג פון דער קאבינע „דאָרניע־קאָמעט", דורכ־געזאפּט מיט קלעפּיק ניט צוגעטריקנט „ראָזענבלאטיש" בלוט. גרישע איז געשטאנען אין דער קאבינע, צוגרייטנדיק זיך ארויס־צוגיין אָדער ארויסשפּרינגען פון דאָרטן, און אין דעם מאָמענט פון פאלן האָט ער געכאפּט א זעץ מיט דעם הוילן קאָפּ אין דעם הארטן ווענטל. ווען ער זאָל געווען גיין מיט דער קאסקע, וואָלט ער אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק, און אין ערגסטן פאל וואָלט ער זיך נאָר פארוווּנדעט די פּלייצע.

מיר פּלאָנטערן זיך ארויס פון די כמארעס און מיט א פרייַ־דיקן געברום פון דעם מאָטאָר נעמען מיר אָן הויכקייט. מיר הייבן זיך אויף אין דער קאָס, גלייַך צו דער זון. זי איז שוין ניט גלייַכגילטיק. זי שייַנט מיט א ברייטקייט און צעשטראָמטקייט אונדז אנטקעגן. אלצדינג לעבט אויף, טוט זיך אָן ארום אונדז אין בונטע פארבן. ניט קיין גרויע טינט־פלעקן—צארטע וואטע־שטיקלעך פון וואָלקנס פלאטערן קינדיש פונונטן. דער יאם איז געוואָרן ליכטיקער, ווארעמער געוואָרן, זעט שוין אויס ווייניקער פייַנטלעך. ערגעץ־ווו, זייער וויַט פון לינקס, א ווערסט הונדערט, קאמ וואָס מע קען באמערקן, באווייַזט זיך און לאָזט א רויכל א מיליטערישע שיפ. מיר האָבן געזען פאר דעם גאנצן וועג אינ־גאנצן צוויי אזוינע. א באגאָסענע מיט זון־ליכט טראָגט זיך אונדזער שיפ פאָרויס, און דאָס הארץ רייַסט זיך זיי איבערצור־יאָגן, קלינגענדיק ווי די אומופהערלעכע שנייַדנדיקע ליד פונעם מאָטאָר.

ער האלט איצט א גרויסנ עקזאמענ, אונדזער סאָוועטישער מאָטאָר. מיר האָבנ אימ פארטרויט אונדזערע לעבנס. פונ מאָסקווע ביז סעוואסטאָפאָל האָט ער ארויסגערופנ געוויסנ כשאד. ער האָט געהוסט, געניסט, עטלעכע מאָל האָט זיכ בא אימ געהערט אָפגעשוואכטע הארצ־קלעפ. אינ סעוואסטאָפאָל האָט גאָלאָוואנאָוו אופגעדעקט, אז צוויי פרוזשינעס אפ די צילינדרישע קלאפאנעס האָבנ געפלאצט. די פרוזשינעס האָט מענ פארביטנ אפ אנדערע. אינ וועג איבערנ יאמ, ווי ס'האָט זיכ נאָכדעמ ארויסגעוויזנ, איז אָפגעשפרונגענ נאָכ איינ פרוזשינע, א דריטע. דאָס איז ניט קיינ קליינינקײַט. וועגנ דער ניט־קליינינקײַט איז נייטיק צו ריידנ, אָפלייגנדיק אינ א זײַט יעדער פאלשנ ביזויענ אונ קאזיאָנע פאטריאָטיזמ. אונ אינ אלגעמיינ—האָט ער ארויסגעפירט, אונדזער מאָטאָר, אויסגעצייכנט אויסגעהאלטנ די שווערסטע פרווו.

אונ אצינד איז ער אויכ אינ א גוטער שטימונג. אונטער זײַנ אומופהערלעכנ געשריי דרימלענ וואכיק די נערוונ, ווי אפ א בריק איבערנ יאמ. איינ רעגע שווײַגנ, א צוואנציקטל סעקונדע שטילקײַט—אונ דער בריק פאלט אײַנ. די נערוונ פליענ אינ טהאָמ ארײַנ. מע דארפ עטלעכע מינוט, קעדיי זיי אומקערנ צוריק אפנ אָרט. דאָס הייסט אנ איבערשלאָג אינ מאָטאָר! אזעלכע איבערשלאָגנ איז געווענ אינגאנצנ צוויי, דרײַ איבערנ יאמ. וועלנ מיר עס פארגעדענקענ.

נאָר פונדעסטוועגנ איז ער טײַער, גוט, ער איז אויסגעצייכנט, דער מעכאניזמ, ער איז אונדזערער, אונ ביז דעמ לעצטנ שרויפ איז ער געבוירנ אינ רעוואָליוציאָנערנ לאנד. ער וועט אונדז דערפירנ, איכ פיל דאָס, איכ גלייב, איכ ווייס. די זונ באגילדעט די לײַסטנ אפ די פליגל. א גרויסער שטאָלצ פארדרייט דעמ קאָפ, קוקנדיק אפ אונדזער פליענדיקער ווײַסער לופט־שיפ, דאָ, צומ ערשטנ מאָל, זינט די וועלט שטייט, אפ די מיידלש־אומבארירטע הייכנ, איבער די טהאָמ־טיפנ פונ יאמ.

וואָס איז דאָס, עפּשער ניט קיינ רעוואָליוציע — אָט די מאַשינ, וואָס איז אויסגעבויט דורכ דעם ווילנ פֿונ די אַרבעטער אינ אַנ אָפּגעשטאַנענע האַלבּ־אַזיאַטישנ לאַנד, וואָס האָט זיכ אָפּגעזאָגט פֿונ דער דערנידערונגס־אָפּעקע פֿונ דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, וואָס ס׳פֿירט אָנ אַ פֿליִער — אַ פֿויער, וועלכער האָט זיכ צום ערשטנ מאָל אופֿגעהויבנ אינדערלופֿטנ אינ בּירגערקריג, קעדיי צו באַשיצנ זייַנ דאָרף פֿונ דעם אַראָפּגעשלייַדערטנ פּאָרעצ, וואָס האָט זיכ געפּרוווט אומקערנ צוריק?

איז דענ ניט קיינ רעוואָליוציע — אָט דער מאַרשרוט אונדזערער, די פּינקטלעכע גלייַכע ליניע פֿונ דער הויפּטשטאָט פֿונ דעם רעוואָליוציאָנעריש־אומאָפּהענגיקנ רוסלאַנד צו דער הויפּטשטאָט פֿונ דעם רעוואָליוציאָנעריש־אומאָפּהענגיקנ טערקייַ? הונדערטער יאָרנ האָט מענ געהאַלטנ אינ איינ אויסבּינדנ דעם טויטנ לאַנגגדויערדיקנ שלייף־קנופּ צווישנ די קאַלטע סלינעדיק־כמורנע מיניסטעריומס פֿונ סאַנקט־פּעטערבּורג אונ די פֿאַרבּלוטיקטע סולטאַנישע פּאַלאַצנ פֿונ קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ליבעראַלע פּראָפֿעסאָרנ מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלנ אונ פּריצישע אָפּגרעבּצנ האָבּנ געהאָלפֿנ די פּעטערבּורגער טשינאָווניקעס צו טרוימענ וועגנ אופֿשטעלנ „אַ צײלעמ אַפֿ דער הייליקער סאָפֿיע”, אונ די אַמבּאַסאַדאָרנ פֿונ דער גלאַנציקער פּאָרטע האָבּנ אינ אַלע אייראָפּייִשע לענדער זיכ געסטאַרעט אַרייַנשטעכנ דער צאַרישער אימפּעריע אַ קינזשאַל צווישנ די לאָפּעטקעס. איז דענ ניט די שרעק אָנצווווערנ די דורכגוסנ האָט געשטויסנ טערקייַ צו דעם ווילד־מעשוגענעמ אָנטייל אינ דער וועלט־מילכאָמע? איז ניט די צעיושעטע רויבּדאָרשט נאָכ צאַרגראַד־קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אַרויסגערופֿנ בּאַ דער רוסישער בּורזשואַזיע אַלעמאָל נאָכ פּאַראָקסיזמענ פֿונ אויבּערמערוווערטיקנ פּאַטריאָטיזמ?

אינ אַ סעקרעט־דעפּעשע ווינטער 1915 האָט דער רוסישער אַמבּאַסאַדאָר אינ פּאַריזש איזוואָלסקי, מעלדנדיק וועגנ די פּרעטענזיעס פֿונ פֿראַנקרייַכ אַפֿ סיריע אונ קיליקיע, מיט אַנ אַריס־

טאָקראַטישן שמייכעלע מיטגעטיילט וועגן בריאַנס ווערטער: „די פראַנצויזישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג וועט ניט פאַרשטיין דאָס אָפּזאָגן זיך פון סיריע, פונקט אַזוי, ווי די רוסישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג וואָלט ניט פאַרשטאַנען רוסלאַנדס אָפּזאָגן זיך פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די דורכגוסן". אין דערזעלבער צייט האָט דיווירקלעכע „רוסישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג" געפּוילט אָן אויסגאַנג אין די טראַנשייען, ניט וויסנדיק פאַרוואָס פירט זיך די מילכאָמע, פאַרשעלטנדיק זײַרע סאָנים, זיך געגרייט אָפּשלײַדערן פון זיך אירע טיראַנען.

ווען אַ האַלב יאָר פאַר דעם רויטן פעוראַל האָט דער שווייצאַרישער אַמבאַסאַדאָר געמאָלדן וועגן דעם ווילן פון דער טערקישער אָפּאָזיציע צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שאָלעם מיט רוסלאַנד, האָט אַליין דער לעצטער צאַר מיט גרויסקײַט אָנגעשריבן אויף דעם בריוו מיט זײַן אייגענער האַנטשריפט: „מיט טערקײַ דאַרף מען מאַכן אַ סאָף. יעדנפאַלס, איז אין אייראָפּע פון איר עטוועגן קיין אָרט ניט פאַראַן. ניקאָלײַ".

צוויי פעלקער האָבן געמאַכט אַ סאָף — ניט מיט טערקײַ און ניט מיט רוסלאַנד, נאָר מיט דעם סולטאַנישן קאָנסטאַנטינאָפּאָל און מיטן צאַרישן פּעטערבורג.

נײַע הויפּטשטעט האָבן זיך פעסט אוועקגעשטעלט אין צוויי אַלטע אַמאָליקע שטעט, אין סאַמע צענטער פון צוויי באַפרײַטע לענדער.

זיי האָבן געשלאָסן פרײַנטשאַפט, ניט געקוקט אויף די אינטריגעס פונעם אימפּעריאַליסטישן מײַרעוו.

דער צוויי־הונדערט־יאָריקער קריג־קנופּ צווישן פּעטערבורג — קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז אַפילע ניט צעהאַקט אויך, ער איז צעטראָטן און פאַרגעסן, און אויף זײַן אָרט איז מאָסקווע — אַנגאָרע, — די גלײַכע פאָדעם־ליניע פון אונדזער איצטיקן לופט־רייד. פּראָפעסער מיליוקאָוו, מיניסטער סאַזאָנאָוו, האָט איר געקאָנט האָפן, אַז ס'וועט זיך אַזוי ענדיקן?

אָט איז ער — דער בערג. מיר גייען לאנג, ניט זעענדיק נאָך, נאָר פילנדיק אים, צוליב דער אומבאַוועגלעכקייט פון די וואָלקנס דאָרט פאָרויס. נאָכדעם שווימען אויף, אַזוי ווי אין א כאָלעם, וווּנדערלעכע העל־בלויע פּאַלאַצן פון די בערג־קייטן איבערן יאַם. נעענטער — פאַרשווינדט די העל־בלויקייט. שטאַרק ווייט, אין צענד־ליקער ווערסט, זעען זיך דייטלעך אָן די אַנאַטאָלישע פעלדזן (ס'וועט אויסקומען זיי נעמען מיט שטורעם), א נייע, דורכויסיק־גאַנצע וואַנט פון כמאַרעס שטייט פון די שפּיצן אויף אַרופצו ביז דעם סאָף, אָן א טאָף.

נאָך א האַלבע שאָ. מיר גערוּגעוּען זיך אויף מיטן יאַם דער פליִער פאָרט אַרום און אַרום דעם בערג פון קליין־אַזיע, זוכנדיק א שפּאַרונע צווישן די כמאַרעס און די פעלדז־שפּיצן פון די בערג. דאָס געדויערט לאַנג, מיר האָבן שוין פאַרלאָזן די שטאָט אינעבאָלי, איבער וועלכער מיר האָבן געדאַרפט אַרויסגיין. אויב מיר וועלן זיך נאָך ווייטער אויפוועגן אויף רעכטס, וועט אויסקו־מען צו גיין אויף סאַן־סטעפאַנאָ...

ניין, א פעלדזן־שפּעלט האָט זיך געפונען. מיר רייסן זיך אין דעם אַריין, קעדיי אויף ווייטער גיין מיט דער יאַבאָשע. אַדיע, אַלטער שוואַרצער יאַם! מיר האָבן היינט א צווייטן מאָל איבערגעריבן בא דיר די אומשולד. מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט דער האַרי־קער מענטש מיט זיין מאַלפּישער קינבאַק צום ערשטן מאָל אין מעשעך פון פיל יונגע טעג דיך געפּרוּווט באַהערשן אויף א דעמבן שיפעלע. איצט האָבן מענטשן איבער דיר איבערגעשפאַנט, פאַר הונדערט צוואַנציק מינוט, ווי איבער א קאַליוזשע אונטער די פיס!

מיר שלעפן אַרויס נייע מאַפּעס. ס'איז זייער שווער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין זיי. באַרג־רוקנס, טאָלן, טייכלעך, — אַלץ איז איבערגעמישט. קיין אייזנבאַן־ליניעס זעט מען ניט, פאַר־גלייכן די מאַפּע מיט דעם אָרט איז דאָ זייער א פאַרדרייט שטיקל אַרבעט. גאַלאָוואַנאָוו וואַרפט זיך אַהער, אַהין, רעכנט אויס דעם קורס, שטעקט אַריין צעטעלעך מעזשראופן, מיר:

„זוכט א טײַכל!״

זוכ איכ און געפינ פונונטנ א זילבערנ פעדעמל, וואָס ציט זיכ צווישנ די בארג־רוקנס. איכ לייג דאָס פאָר דער אופמערק־זאמקייט פונ דעם מעכאניק, ער קאָנטראָלירט עס דורכ לויט דער מאפע, ווארפט אָפ.

ווו איז קאָסטאָמאָניע! ווו איז טשענגרי? לויט אונדזער כעזשבנ, האָט דער פליער זיכ פארבלאָנדזשעט און זוכט שוינ נאָר א גוטנ פלאצ אפ אראָפלאָזנ זיכ. אזעלכע ערטער זעענ זיכ גאנצ אָפט. מעזשראופ, ווײַזט אויס, איז א שטארקער איבערקלײַבער.

די אָנשטרענגונג פאלט, דער פײַזאזש הייבט אָנ אײַנמידנ, ניט געקוקט אפ זײַנ ווילדער מאָלערישער קראפט. פונ קעלט גלוסט זיכ שלאָפנ. מיטאמאָל קערעוועט זיכ דער פליער אויס, צומ ערשטנ מאָל פאר דעמ גאנצנ וועג, און קוקט אפ אונדז מיט א לאנגנ איראָנישנ שמייכל...

אינדערעמעסנ, פונונטנ אונטער אונדז, זעט זיכ אָנ א גאנצ גרויסע שטאָט, צעוואָרפנ צווישנ בערגלעכ. טשערעפענע דעכער, ווײַסע שאָסייענ, קוימענס און באראקנ פונ אייל־פאבריקנ, א וואָקזאל, א רעלסנ־נעצ.

קאָסטאָמאָניע?

לינקס שווינדלענ דורכ אנטענעס פונ די ראדיאָ־סטאנציעס און בײַדלעכ פונ א אעראָדראָמ. אנגאָרע!

דרײַ פײַערלעכע גרויסארטיקע קרײַזנ איבער דער שטאָט. דער מאָטאָר איז אויסגעשלאָסנ, נאָר דער פראָפעלער ברומט נאָכ, ווי פריער.

מיר זעצנ זיכ אראָפ ווי אפ אנ אויוונ: די ערד אָטעמט אפ אונדז מיט די נאָכ ניט אָפגעקילטע פאר דער נאכט זאמדנ. אומ־געלומפערט, מיט א זײַט, האָבנ דורכגעשווינדלט אונטער דעמ פליגל — דער אנגאר, די פאטרול־סאָלדאטנ, אנ אווטאָמאָביל מיט פרײַלנס אינ היט, א מיליטער־מאנ מיט גענעראלישע לאמפאסנ.

נאָכדעם א הוידע, א שטויס, א מאָדנע אומבאוועגלעכקייט —
און די פרייליכע אויגן און די שווארצסטע באָרד אין דער
וועלט פון יאקאָוו זאכאראָוויטש סוריץ, דעם ראטנ־אמבאסאדאָר
אין טערקיי. ס'קלינגט אין די אויערן און ס'טוט שטארק וויי,
און מע הערט שלעכט זיינע ערשטע ווערטער.

# א זילבערנ קאטשקעלע

מיר פאָרנ אָפּ פונ אנגאָרע. הילכיק, ווי אינ רוסלאנד, האָט א קלונג געטאָנ דער וואָקזאל־גלאָק. דער לאָקאָמאָטיוו האָט א פײַפ געטאָנ, ס׳האָבנ זיכ אָפּגערוקט פונ אָרט אונ אָנגעהויבנ אָפּ־גיינ אפּ לינקס די ניט־גרויסע וואָקזאל־געבײַ, די כאמאלעס — (וואָקזאל־טרעגער), דער דעזשורנע אינ רויטנ קעפּי, די ראַ־שיק־פארביקע גרופּעס ארויסבאלייטנדיקע, די טערקישע אוויאכעמ־לײַט אינ געקראָכמאליעטע מאנישקעס, די אופגעלייגטע קאָמפּאניע כאווײרימ פונ אונדזער קאָנסולאט, דער מאָנומענטאלער אלי־סאיִד־פּאשא, דער קאָמאנדיר פונ דער ערשטער ארמיי, אינ העל־רויטע לאמפּאסנ אונ מיטנ גראָוונ קאָפּ אָנ דעמ היטל, די ארומ־סטאנציע־קאָליעס. נאָכדעמ — דער עראָדראָמ, דריבנע פעלד־בערגלעכ, באדעקטע מיט נידעריקנ, שטויביקנ, אויסגעברענטנ גראָז. איכ האָב זיכ אָפּגעריסנ פונ דעמ פענצטער אונ בינ ארויס אינ קאָרידאָר.

פונעמ גיכנ גאנג איבער דער שמאָלער קאָליע האָט זיכ דער וואגאָנ געהוידעט אהער אונ אהינ, אזויווי א שיפ אינ א שטורעמ. איבער דער גרינער סאמעטענער סטעזשקע האָט לײַכט אומ־געשפּאנט פונ איינ עק צומ צווייטנ, באקוקנדיק מײַנ פלייצע מיט א העפלעכנ, נאָר שטײַפנ בליק, א הויכער פלייציקער יונגערמאנ אינ א פײַנ־געפּאסטנ אָנצוג.

ווענ דער שפּאציר אונטער אָט דעמ ערנ־קאראול האָט זיכ מיר צוגעגעסנ, האָב איכ געביטנ דעמ קורס אונ גענומענ אומ־שפּאנענ אינ דער אנקעגנדיקער ריכטונג. אונדז איז צוויי מאָל אויסגעקומענ מיט אנטשולדיקונג אָפּצוטרעטנ איינער פאר דעמ אנדערנ אינעמ שמאָלנ דורכגאנג.

צום דריטן מאָל האָט דעם וואגאָן באזונדערס שטארק א הוי־דע געטאָן. דער יונגערמאנ האָט מיט זעלטענער געשיקטקייט מיר אונטערגעשטעלט דעם עלנבויגן. פאָרויס פארהיטנדיק מיך פונ דעם מעגלעכן שטויס, אונ ענטפערנדיק אפ מיין „מערסי״, האָט ער זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראַקטיקייט פונ א גוטן באַקאנטן, א פראַקטיקייט, וואָס גיט זיך איין באמ באקאנען זיך נאָר געבוירענע פאריזש־לייט אָדער מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעלעבט צענדליקער יאָרן אין דער „הויפּטשטאָט פונ דער וועלט״.

— געשיקט זיך, אז איר האָט טאקע ניט געקראָגן קיין בענזאָל?

די פראגע האָט געכאפּט, אזוי צו זאָגן, „דעמ אָקס פאר די הערנער״. בענזאָל איז געווען יענץ וויכטיקס, וואָס האָט אונדז, אָנטיילנעמער פונעמ לופט־רייד מאָסקווע—אנגאָרע, מער פונ אלצ־דינג אינטערעסירט אין מעשעך פונ דער גאנצער צייט, וואָס מיר האָבן פארבראכט אין דער נייער טערקישער הויפּטשטאָט. כאָטש דער לעצטער, דורכן אוויאכעמ אנטשיידנ־באשטעטיקטער וואריאנט פונ אונדזער לופט־רייד האָט זיך געענדיקט אין אנגאָרע, דאָך האָט זיך אונדז שטארק געגלוסט פארלענגערנ אים נאָך אפ איינ עטאפּ, אונ נאָך א פלי טונ ביז קאָנסטאנטינאָפּאָל. דערדאָזיקער באגער, וואָס איז געווען הייס אונטערגעשטיצט אי מיצאד אונדזער קאָנסולאט, אי פונ די טערקן, האָט זיך אָנגעשטויסן אָנ א לאכלוטן אומדערווארטער מעניע. ניט אין אנגאָרע, אונ ניט אין סטאמבול, ווו מיר האָבן זיך אָנגעפרעגט טעלעגראפיש,—איבער־געעצ איז ניט געווען צו קריגן קיין בענזאָל, וואָס מיר האָבן גע־דארפט אפ צומישן א פערטל־יילעך צום בענזין פאר דעמ מאָטאָר. דאָס אויסנוצן אין אונדזער מאָטאָר א מער העכערע געפּרעסטקייט האָט צוגעגעבן א היפשן עפעקט אין דער צאָל פונ פערד־קראפט, אונ אין פסר״ר איז מיט בענזאָל—כאָטש האטע הרעבליעס. גיי, ווייס, אז טערקיי איז א „בענזאָלאָזיק לאנד״. דידאָזיקע אנטדע־קונג איז געווען א סיורפּריז ניט נאָר פאר אונדז, נאָר פאר די

טערקן אַליין אויכ. די אנגאַרער אוויאַ־ליגע און דער געשטאַב האָבן געטײַנעט, אז בענזאָל וועט מען אומבאַדינגט באַקומען, נאָר די צײַט איז געגאַנ, און דעמ אעראָפּלאַן האָט מען געמוזט פאַר־גרוזעווען אַפ דער באַנ. ערשט אינ טאָג פון אונדזער אָפּפאָרן איז פונ סטאַמבול אָנגעקומען א טראַגיקאָמישע טעלעגראַמ: „מע קאָנ קריגנ בענזאָל אינ קליינע פּאָרציעס אינ א רייִ אַפּטייקנ. מיר וואַרטן אַפ דירעקטיוון".

דער יונגערמאַנ, ווי ס'איז געווען אַפ אימ צו זען, האָט גאָר־ניט געמיינט אַרויסצווײַזנ דערמיט זײַנ בייזע צופרידנקײַט איבער אָט דעמ קליינעמ צופאַל. פאַרקערט, ער האָט הייס אויסגעדריקט זײַנ באַדויערונג, איבערמישנדיק זײַנ לויפיקע פראַנצויזישע שפּראַכ מיט ענערגישע אויסרופ־פראַזעס.

— ניינ, ס'אַרא ווילדע נאַרישקײַט! טערקײַ — אָנ בענזאָל. און זיי פּרעטענדירנ נאָכ אַפ א וואָלוועלער אוויאַציע. נאָר בענזינ איז דאָכ צוויי מאָל טײַערער! טײַוול! נאָר ווי אַרטיסטיש אײַער מאָ־טאָר געווינט אינ דער שנעלקײַט. אַפילע ליבערטי אַליינ וואָלט זיכער ניט געקאָנט אזוי אַקוראַט אַרויסלאָזנ קיינ מאַשינ! וווּנ־דערבאַר! די געפּלאַצטע פּרוזשינע איז דאָכ א גאַראַנטירט־שעבע־גאַרניט. אַפ צוועלפ צילינדערס איז בא אײַכ נאָכ געהאַט געבליבנ זיבנ און פערציק פּרוזשינעס. איר האָט פרײַ געקאָנט דערפליִענ קיינ קאַלקוטע! איכ בינ קיינמאָל ניט געווענ קיינ אָנהענגער פונ די יונקערסנ, נאָר באַזונדערס איצט, בייס זיי זײַנענ געשטאַנענ לעבנ אײַער „ר—1". יענצ איז דאָכ באַראַכלאָ. הוראַ! הוראַ! און די אויסמעסט־אַפּאַראַטנ! דער קאָפּ קאָנ זיכ פאַרדרייענ, סאַראַ באַאַרבעטונג פונ דעטאַלנ! זאָגט נאָר, איכ בעט אײַכ, דער ראַ־דיאַטער האָט בא אײַכ ניט דורכגעלאָזט? מיר דאַכט, אז עטוואָס האָט ער דורכגעלאָזט. נאָר ווי גוט, וואָס איר האָט ניט אוועקגע־שטעלט קיינ הילפ־ראַדיאַטער. ער וואָלט אײַכ גאַרניט צוגעגעבנ, אַבסאָליוט. דאָס איז דאָכ פּאָרט ניט קיינ דאָרעמ־אַפריקע. הייס, נאָר ניט קיינ טראָפּישע היצ. אינגאַנצנ גענוג די אָפּקילונג, וואָס

איר האָט געהאט. פארגעסט ניט וועגן די בערג. יאָ, אז מע רעדט שוין, די גומענע שינעס האָבן מיך באַצויבערט. ס׳א סוואָרע, אז דאָס איז טריקאָלניק? רעזינאָטרעסט — דאָס איז דאָך טריקאָלניק? באַצויבערנדיקע גומע!

מיַין אומבאַקאנטער האָט אויסגערעדט אנשטאָט „טרעוגאָלניק” — טריקאָלניק, — אין אלעם איבעריקן האָט ער ארויסגעוויזן אבסאָלוטע פּינקטלעכקייַט און גלענצנדיקע אינפאָרמירטקייַט. ס׳איז געווען קענטיק, אז ער קען אונדזער פלי־מאשין פונעם פּראָפּעלער ביז דעם לעצטן טראָס אפ די רודערס; אז ער איז אומגעקראָכן אי־בערן גראָז, אָפּגעריבן די פארדארטע בלאָטע פון די רעדער און באַקוקט די אויסיעס, וואָס זיַינען אויסגעקריצט אפ די שינעס. באַ אלע אָפיציִעלע באַגעגענישן און דעמאָנסטרירונגען פונעם „רויטן שטערן” בין איך בייַגעווען, נאָר דעם יונגנמאַן האָב איך אינערגעץ ניט געזען...

איבערגעלייענט אין מיַינע אויגן א געוויסע פארלעגנהייַט, האָט דער קאָמפּאניע־ליבהאָבערישער פאריזשער פארשוין אינגאנצן גוטברודעריש זיך צעשמייכלט און אופגעלייגט א מאכ געטאָן מיט די הענט:

— איַיך דאכט זיך, אז איך בין א טשינאָווניק פונעם גענע־ראל־שטאב, אָדער אן ענגלישער שפּיאָן [illegible]דער... אָ, זאָל גאָט היטן! אונדז, בידנע סאָכרים־לייַט, קומט [illegible] זיך צו דערוויסן פון אלץ און אלעמען. ווערסט זיך [illegible] דערוויסן, ווערסטו ניט פארקויפן.

א פלינקער מאשינעלער זשעסט — און באַ מיר אין האנט גע־פינט זיך שוין דעם יונגערמאנס וויזיט־קארטל. אויספּירלעך, נאָר מיט אָנשטענדיקייַט, שטייט דאָרט געמאָלדן, אז מיַין מיטשפּרעכער איז קאָמערץ־דירעקטער פון דער וויַאָבויערישער פירמע „פראנקאָ־לוִיזע”*).

---

*) דער טיטל פון דער פירמע איז דאָ איבערגעביטן.

נאָך איינ פארקיײַלעכיקטער זשעסט—און אינ מײַנ לאצ איז ארײַנגעשטעקט א שיינע זילבערנע שפּילקע מיט א קעפּל אינ דער פאָרם פונ א ווילדער קאטשקע בייס זי האלט אינ געשווינד־פלי.

— דאָס איז דער עמבלעמ־צייכנ פונ אונדזער פירמע. איר וועט אימ באגעגענעג אפ די מאָטאָרנ, פּיוזעליאזשנ, אפּ די פליגל אונ ראדיאטערס. איכ בינ געקומענ אהער פאָרצולייגנ דער טערקישער רעגירונג א סעריע אונדזערע פלי־מאשינעס פונ דער סאמע לעצטער מאָדעל. איינצײַטיק האָב איכ געפירט אונטערהאנדלונגענ וועגנ אונדזער פריערדיקער סעריע. זי איז לאכלוטנ ניט פארעלטערט, פונדעסטוועגנ גיבנ מיר אפּ איר א גרויסע האנאָכע.

דער קאָמערצ־דירעקטער האָט א לײַכטנ זיפצ געטאָנ. קענטיק, אז דער דערפאָלג פונ דער האנדלס־אָפּעראציע איז ניט געווענ קיינ שטארק גרויסער.

— איצטער פאָר איכ אפּ די באלקאנעס — דאָרטמ־טלאוויע, באָלגאריע. דאָרט וועט זיכ, דאכט מיר, אײַנגעבנ דורכצופירנ גרויסע באשטעלונגענ. נאָכדעמ האָב איכ כיישעק באזוכנ מאָסקווע. מיר ארבעטנ אצינד ספּעציעל פאר דעמ מיזרעכ. טײַוול! גאנצפרי, בייס איכ האָב שטילערהייט באטראכט אונדזער אוויאָנ, האָב איכ זיכ איבערצײַגט, אז קיינ מאָסקווע דארפ מענ זיכ צויילנ: מיר וועלנ דאָכ מיט אײַכ נאָכ א האנדל טונ? אָט דאָס שפּילכנ, אפּ וועלכנ איר זײַנט אזוי קונציק איבערגעפלויגנ דעמ שווארצנ יאמ, איז דאָכ נאָר געמאכט לעפּאָנעמ? בא אײַכ איז דאָכ נאָכ ניט פאראנ קיינ סעריע־פּראָדוקציע פונ פלי־מאשינעס? אײַכ וועט דאָכ נאָכ א לאנגע צײַט אויסקומענ זיכ ווענדנ צו „פראנקאָלויזע״, אויב ניט צו אונדזערע קאָנקורענטנ?

אינ זײַנ בליק און אינ טאָנ האָבנ זיכ געראנגלט איראָניע מיט צווייפל און אנ עטוואָס אומרויקע אופמערקזאמקײַט.

— איר זײַט גוט אינפאָרמירט, אָבער ניט אינגאנצנ. אונדזער סאָוועטישע אוויאָ־מאשינבויונג גייט שנעל פאָרויס. מיר האָבנ

שוין אופגעהערט צו בויען איינציקע מאַשינעס. מיר האָבן שוין אויסגעאַרבעט טיפן און בויען סעריעסווײַז. בא אָט דעם ווײַסן שפּילכן, וואָס איז אײַך געפעלן געוואָרן, איז פאַראַן א גרויסע סטייִע שוועסטער. און אַלץ, ביז דעם לעצטן שרויף, איז אויסגע־בויט אינעם ראַטנפאַרבאַנד.

— נאָר דאָס איז דאָך א מעשוגאַעס. איר קאָנט דאָך וועלווע־לער און גיכער באַקומען אַלעס נייטיקע בא אונדז. אויב אײַך געפעלן ניט אונדזערע מאָדעלן, זאָגט, וואָס איר פאַרלאַנגט, מיר וועלן אויספילן אַלע אײַערע פאָדערונגען. טײַוול! איך באַשטעל זיך אַן אָנצוג אין פאַריזש, נאָר אויב טערקן וועלן מיר אופנייען בעסער און וועלוועלער, שפּײַ איך אָפּ מײַן פּאַטריאָטיזם. איר, באָלשעוויקעס, זײַנט דאָך אינטערנאַציאָנאַליסטן, פאַרוואָס־זשע זאָלט איר ניט געבן צו פאַרדינען „פראַנקאָ־לויזע"?! אונדזערע אַרבעטער וועלן דאָך אויך זײַן צופרידן.

— וועגן דעם, צי אײַערע אַרבעטער זײַנען צופרידן, דאַרף מען פרעגן בא זיי אַליין. און מיר בויען און מיר וועלן ווײַטער בויען אונדזער אייגענע אוויאַ־אינדוסטריע. אונדזער פּראָדוקציע ווערט וועלוועלער פון יאָר צו יאָר, און אינגיכן וועלן מיר אײַך דעריאָגן אין דער פרײַז, אַזוי ווי מיר האָבן אײַך דעריאָגט אין דער קוואַליטעט. ווען פסר"ר וועט ווערן אומאָפּהענגיק, פרײַ פון דער מײַרעוו־אייראָפּייִשער טעכניק — וועט דאָס זײַן דער בעסטער איינלאָג אין דער זאַך פון דער אַרבעטער־באַפרײַונג. נאָך עטלע־כע באַשטעלונגען פאַרשיידענע אײַערע „פראַנקאָ־לויזעס" — און פאַרטיק!

דער יונגערמאַן איז באַמערקלעך געוואָרן געלאָשן, נאָר ניט פאַרלוירן קיין טראָפּן פון זײַן ליבלעכקײַט. ער האָט קינדיש־פאַרשײַט א שמייכל געטאָן.

— זאָל אײַך גאָט העלפן — אָדער עמעצער, וואָס ער פאַרבײַט אים דאָרט, דעם גאָט, בא אײַך אין רוסלאַנד. וואַרפט נאָר ניט אַרויס מײַן וויזיט־קאַרטל. ווען ס'ניט איז אַמאָל, אויב „פראַנקאָ־לויזע"

וועט אומקומען פון קאָנקורענטן און פון דער אָפּוועזנהייט פון מערק, וועל איך קומען זיך בעטן צו אייך אַף א שטעלע. איר וואָלט קיין כאַראַקטער ניט געהאט. אונדזער פארוואלטונג זאָגט, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין בעסערן דירעקטער.

דער פראנצויז האָט זיך גרינג אָפּגעטראָגן. איך האָב זיך אומגעקערט אין קופּע. מעזשראוּפ האָט ארויסגעשלעפּט פון מיין לאצ די שפּילקע:

— א, דאָס זילבערנע קאטשקעלע „פראנקאָ־לוויזע"! א שיינינק פייגעלע, נאָר זייער א טייערס. דערוויילע קליבט דאָס נאָך בא אונדז אוף צו איינציקע קערנדלעך. אינגיכן וועט דאָס שוין בא אונדז ניט פּיקן. מיר וועלן אויסהאָדעווען אונדזערע אייגענע פייגעלעך.

---

# א שײנער טויט און צענ טשערװאָנצעס

אינ פופצנטנ יאָר איז מיר אויסגעקומענ צו פאָרנ אינ איינ װאגאָנ מיט א קאָמפּאניע ראשנדיקע יונגעלײַט אינ כאקי, מיט בענדלעכ און זילבערנע פליגל אפ די פּאָגאָנעס.

די יונגעלײַט האָבנ מיט װירדע און שיק געטראָגנ שפּיגלדיקע קראגנס פונ אויסגעצייכנטנ געלנ לעדער, שרײַענדיקע סיגנעטנ אפ די פינגער און געאָמעטריש־פּינקטלעכע שרונטנ אפ די אָנגע־פּאָמאדיעטע קעפּ. אפ די סטאנציעס האָבנ זיי געפירט, שטארק צוגעדריקט צום עלנבויגנ, אינ בופעט ארײַנ די צעמליעטע פּא־סאזשירקעס, אינ װעג עלעגאנט אטאקירט דעמ פרויענ־טייל פונ די פּאסאזשירנ אינ די װאגאָנעס—מיט דעמאָנישע בליקנ, מיט זייער װויליונגערישנ ארופשפּרינגענ אפ די הויכע פּאָלעצעס, און מיט פּאטאליסטישע געשפּרעכנ ארויסגערעדט מיט דעמ ציכטיקנ אריסטאָקראטיש־גווארדייִשנ אויסשפּראכ:

— ביז דו װערסט א פליִער, קומט אויס ז'ער טײַװל װייסט װיפל איבערצולײַדנ. אָנ א שיר שװעריקײַטנ. און דערצו ריזי־קירסטװ יעדנ טאָג מיטנ לעבנ. דערפאר איז ניטאָ קימאט קיינ שום ארבעט, און באקומסט אנ ערנ־באלוינונג: האָסט א מעגלעכקײַט צו שטארבנ מיט א שיינעמ טויט. און דאָס איז ניט יעדערנ גע־געבנ געװאָרנ!

די פרויענ—פּאסאזשירנ האָבנ געקוקט מיט פארליבטע אויגנ פונ באזיגטע כײַעס און זיכ געבעטנ בא זיי מיט רירנדיקנ פרויענ־געבעט:

— נו, שוינ־זשע איז אײַכ טאקע קיינ קאפּעלע ניט שרעקלעכ?
גיט שוינ־זשע האָט איר טאקע אינ אלצדינג אינ לעבנ זיכ אנטוישט?
נו, שוינ־זשע טוט אײַכ קיינער ניט באנק?

דער קינפּטיקער פּליִער האָט מיט אנ אוטרירטער „פּרײַ־קינסט־לער־ישער״ פּאָזע זיכ פאַרלייגט א פוס איבער א פוס אינעמ געלנ לעדער אונ מיט א פּאטאליסטישער האלב־צוגעדריקטער שטימ ארויס־געבראכט איינציקע ווערטער:

— די כאווײדימ טוענ ניט באנק. אפ פרויענ שפּײַענ מיר. סײַדנ עפּשער די אלטיטשקע מאמע וועט דאָס ניט אריבערטראָגנ... דאָס איז זיכער.

די יונגעלײַט זײַנענ געפאָרנ זיכ לערנענ אינ עפּעס אנ אוויִאָ־שול. איכ וויס ניט—צי האָבנ זיי געלערנט אונ דערלערנט, וויִאזוי האָבנ זיי מילכאָמע געהאלטנ, צי זיכ געראטעוועט אָדער אומגעקומענ. אונ אויב זיי זײַנענ געבליבנ גאנצ—צי שטופּנ זיי אָפּ דאָס ביסל יאָרנ אינ די עמיגראנטישע לעכער, אָדער, פארקאטשעט די ארבל, ארבעטנ זיי אַיצט אינ דער סאָוועטישער אוויִאציע.

איינס איז נאָר קלאָר. פונ די פּאטאליסטישע בליקנ אונ פונ דער מעלאנכאָלישער וועלט־אָנשויונג איז בא די יונגעלײַט ניט געבליבנ גאָרניט.

די צײַט האָט פארהיט קימאט אלע געפארנ פונ דער אוויִאציע,—אויב ניט פאר די פּאסאזשירנ, איז פאר די פּילאָטנ. זי האָט פאר־היט קימאט די גאנצע ריזיקע, וואָס וועט אפ שטענדיק בלײַבנ בא דער מענטשהײַט, וועלכע האָט זיכ האָזעדיק אופגעהויבנ אינ־דערלופטנ, אפ געקינצלטע פליגל, אנשטאָט די ניט־דערגעבענע פליגל פונ דער נאטור. נאָר די צײַט האָט פארניכטעט די אָפּי־צעריש־צירקאטשישע, אוואנטיוריש־מיסטישע פּאָעזיע פונ דער פלי־ארבעט, אונ זי פארביטנ אפ אנ אנדערער, אפ א שטײַפער אונ פעסטער ליריק פונ שטרענג ערנסטער לופטפליִערישער מע־לאָכע.

א יונגערמאנ פונ דער אוויִאָ־שול וועט שוינ אצינד ניט זאָגנ: „קימאט ניטאָ קיינ שומ ארבעט, דערפאר פאראנ א מעגלעכקײַט פאר א שיינעמ טויט״. א פּילאָט פונ אונדזערע טעג באטראכט דעמ טויט ווי אנ עקלהאפטיקנ, ניט דערלאָזבארנ, ניט באקוועמענ

פּראָפעסיאָנעלנ דורכפאל אינ זײַנ ארבעט. אונ ארבעט — איז דענ פאראנ אינ אוויאציע עפּעס וואָס אנדערש, כוץ דער סטיכיײשער, אָנגעשטרענגטער, דרײסטער אונ אײַנגעשפּארטער, אָרגאניזירטער אונ מעטאָדישער ארבעט.

די עלטערע אוויאָ־טוער קוועטשנ מיט די אקסלענ, קוקנדיק אפ דעמ נײַעמ דאָר:

— וואָס איז דאָ דער אינטערעס? לופטפליערס — אונ מער גאָר־ניט! טראמוויײַענ אפ פליגל! וואגאָנ־פירער אינ די הימלענ, אײנ הוילער לאנגווײַל. גאָר עפּעס אנדערש — אמאָל, אינ אונדזער צײַט, ווענ מיר פלעגנ מיט גאבער־וולינסקינ טויטע שלײפנ אויסמאכנ, ווי א האלדזטיכל אינ די הימלענ זיכ פארפלעכטנ, איבערגעקערטערהייט אומגעפלויגנ. אָט דאָס האָט געהײסנ אוויאציע!

דאָס לעבנ איז פאר די אלטע דורכגעגאנגענ פארבײַ. דאָס לעבנ הערט זײ ניט. אונ די עפּאָכע האָט ארויסגערוקט א נײַעמ טיפּ לופט־העלד. אנ אײַזערנער לײַד־קויעכ, שטארקע נערווונ, ניט אויסצושעפּנ, טויטע שלײפנ — גיט איצט אָפּ אפנ עקזאמענ יעדער פּילאָט באמ ענדיקנ די אוויאָ־שול. ארבעטפײקײַט פונ א דינאמאָ־מאשינ, קענטעניש פונ א גוטנ אינזשענער. א ברײטער טעכנישער אונ וויסנשאפטלעכער האָריזאָנט, אונ קײנ שומ אקטיאָרישע קרומענישנ. אונ קײנ שומ ביז העכער פונ די שטערנ זיכ גרויסהאלטנ בענעגײע צו אלע ארומיקע. קעדײ זיכ פעסטער אײַנאָרדענענ אינ הימל, האָט די אוויאציע זיכ עטוואָס נענטער אראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

פאר מיר אלײנ זײַנענ ניט שטענדיק פארשטענדלעכ די לופט־טוער פונ דער נײַער עפּאָכע. ניט פארשטענדלעכ איז שיבאנאָוו, א קלײנער שוואכ־קערפּערדיקער בלאָנדינ, לויט דעמ אויסזענ א דריבנע־מאָגערלעכער שטוב־פארשוינ. ער איז איבערגעפלויגנ נאָר אפ די פּאָקערס פונ דער געזעלשאפט „דערוליעט” אלײנ העכער צוויי הונדערט טויזנט קילאָמעטער. ארויספליענ, ווענ ס'הייבט אָנ שאריענ אפ טאָג, פירנ ביז נאכט צווישנ די לופט־

געווירבלענ א ריזיק־גרויסנ עראָפּלאנ מיט באגאזש, מיט דער פּאָטשט, מיט בערנ פארנ זאָאָלאָגישנ גאָרטנ, מיט איבערגעשראָ־קענע, נערוועזע, מייקענדיקע פּאסאזשירנ; אפ מאָרגנ אינדערפרי, א שלעכט־אויסגעשלאָפענער—ווידער פאר דעמזעלבנ, בא יעדער וועטער, טאָג־אײַנ, טאָג־אויס, און אזוי עטלעכע יאָר נאָכאנאנד,— אָט דאָס איז דער וועג פונ א הײַנטיקנ אוויאַ־העלד.

צוויי אמעריקאנער האָבנ דורכגעמאכט א באזונדערע, קאָפּ־שווינדלענדיקע לויט דער שנעלקײַט רײַזע ארומ דער וועלט. לויט דעמ מארשרוט איז זיי אויסגעקומענ דורכצומאכנ דעמ וועג פונ מאָסקווע ביז אָמסק אינדערלופטנ. דער סאָוועטישער פּילאָט קאָפּילאָוו האָט אפ דעמ עראָפּלאנ פונ אוויאכעמ גלענצנדיק איבערגעפירט די אמעריקאנער, דערשלאָגנדיק זיכ א וועלט־רעקאָרד אפ דויערנדיקער פלי־שטרעקע און אפ ווידערשטאנד־פייִקײַט פונעמ אוויאטער. קאָפּילאָוונ האָט מענ באשאָטנ מיט בא־גריסונגענ פונ אלע עקנ לאנד. ער האָט אויכ באקומענ טעלעגרא־מעס פונ אויסלאנד, אפילע פונעמ סאמע „אוויאַ־פויפסט״—פּראָפעסער יונקערס. ער האָט אויכ באקומענ אָפיציעלע טיטלענ. נאָר בא דעמ אלעמענ איז נאָכ געווענ אזא איינצלהײַט.

ארויסגעקראָכנ אינ אָמסק פונ דער קאבינע נאָכנ זעלטנ־אויס־געצייכנטנ רייס, האָבנ ד' אמעריקאנער מיט גרינע פּנעמער און צעבויטעטנ אינערלעכנ גלײַכגעוויכט זיכ באטאפּט, געפונענ זייערע קערפּערס ארומ און גאנצ און זיכ דערפילט נאָכנ עראָפּלאָזנ זיכ אפ דער ערד אפנ זיבעטנ הימל,—האָבנ זיי ליב־פרײַנט־לעכ אויסגעשטעקט קאָפּילאָוונ פינפ צענדאָלערדיקע פּאפּיר־לעכ.

דער מידער פּילאָט האָט א ברייטנ שמייכל געטאָנ איבער אָט דער אומטאקטישקײַט און מיט א מאכ מיט דער האנט אָפּגעשטופּט דאָס טיי־געלט.

די אמעריקאנער האָבנ באשלאָסנ, אז קאָפּילאָוו קאָנ ניט ציילנ אפ קיינ דאָלערס. האָבנ זיי אימ גענומענ ווײַזנ מיט די הענט,

טיצען מיט די פינגער אף די ציפערנ. סאָפּקאָלסאָפּ האָבנ זיי ארויסגעשלעפּט צענ סאָוועטישע טשערוואָנצעס.

קאָפּילאָוו האָט ניט גענומענ קיינ סאָוועטיש אויכ. די אמעריקאנער זײַנענ געשטאנענ שטארק פארוווּנדערט. הונדערט רובל, אונ ער נעמט ניט. אזא גוטער פּילאָט—אונ מע קענ אימ אפילע ניט באדאנקענ.. זיי זײַנענ אוועקגעפאָרנ ווײַטער.

דער אָנפאנגערישער יונגער פאַרשוינ מיט די בענדלעכ האָט געשטאמלט וועגנ „ניטאָ קיינ שומ ארבעט אונ א שיינעמ טויט", אונ דעמ פארדינסטפולנ פליִער קאָפּילאָוונ פאַר א פלי־רעקאָרד לייגנ די אמעריקאנער פאָר טיי־געלט. אָט זײַנענ די פאָליוסנ פונ אוויאציע־מעגלעכקײַטנ.

אונדזער סאָוועטישע אוויִאציע וואקסט אונ באוועגט זיכ ווײַט פונ דידאָזיקע ביידע פאָליוסנ. איר וועג איז פאָשעטער אונ וואָגיקער. דער פליִער, וואָס באשפּריצט פונ א פּאָמפּע דאָס פויערשע ברויט, קעדיי צו צעטרײַבנ די סוסליקעס, רעדט ניט קיינ געהיימע רייד וועגנ א „שיינעמ טויט", אונ קוקט ניט ארויס אפ קיינ טיי־געלט פונ די באלעבאטימ. ער העלפט בויענ א נײַ לויט דער סאָציִאלער אָרדענונג נאָכ ניט געזעענ לאנד, נעמענדיק אנ אָנטייל אינ אופלעבנ דאָס לאנד מיט זײַנ ערנסטער, געפערלעכער אונ מעטאָדישער ארבעט אינ די ערשטע רייענ פונ די בויערס.

---

# איינ פילאָט און צוויי בריוו

דעם אכטנ סענטיאבער האָט דער קאָמיסאר פונ דער אירקוט־סקער אוויאַ־גרופּע ארויסגעגעבנ א באפעל דעם פּליִער קאטאלני־קאָוו אוועקשטעלנ אפ דער פּלי־מאשינ פיר פּינפונצוואנציק־פונ־טיקע באָמבעס, א קוילנוואַרפער פונ דער לויס־סיסטעם — און זיכ צוגרייטנ צו פליִענ אפ דער סטאנציע קוזינאָ אפ א באָמבע־אטאקע.

קאטאלניקאָוו האָט אויסגעהערט דעם באפעל, עטוואָס בלייכ געוואָרנ און האָט קאָנווולסיוו א צופ געטאָנ מיט דער לינקער ברעמ. דערנאָכדעם האָט ער, שוויַיגנדיק, א טיפנ זיפצ געטאָנ און איז אוועק נאָכ דעם מעכאניק.

דעם קאָמיסאר האָט עס עטוואָס פארכידעשט. געשיקט זיכ, אז קאטאלניקאָוו האָט מוירע פליִענ מיט באָמבעס? מאָדנע. נאָר ביז סיביר האָט דאָכ דערדאָזיקער פליִער ניט שלעכט געארבעט אפ דעם קאלעדינ־פראָנט און אינ אוקראַינע.

פארנ אָפּפאָרנ האָט קאטאלניקאָוו באשלאָסנ אויספּרוּוונ דעם אפּאראט און געבעטנ אפ דעם א דערלויבעניש. דער קאָמיסאר האָט דערלויבט, דערמאָנענדיק זיכ, אז ערשט די טעג איז דער־זעלבער קאטאלניקאָוו געווענ געצווונגענ זיכ אראָפּצולאָזנ מיט דער מאשינ אינמיטנ וועג איבער דעמ, וואָס דער מאָטאָר איז קאליע געוואָרנ.

א קאלטער נעפּל האָט זיכ געשפּרייט איבער דעם פעלד מיט הרודעס. רויטארמייער אינ שאָפּענע פעלצלעכ און אויסגעטראָטע־נע פאראיאָריקע פוישטנ האָבנ, צוטופּענדיק מיט די פיס, זיכ איי־ליק געפּאָרעט ארומ דעם פראָפּעלער. קאטאלניקאָוו איז אומגעגאנ היִנ און צוריק, אינ דער קרומ, זיכ געהאָרבעט, כאָטש ער האָט

צו דעמ ניט געהאט קיינ געווינשאפט,—ניט באמערקנדיק די מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ אינ דער טונקל צונויפגעזאמלט. נאָכדעמ האָט ער אָנגעטאָנ אויסגעצייכנטע ענגלישע הענטשקעס, וואָס ער האָט צוגענומענ בא די ווײַסע אפנ דאָרעמ-פראָנט, אינדערגיכ ארופגעקלעטערט צומ רודער—אונ אינ צוויי מינוט ארומ זיכ אופגעהויבנ אינדערהייכ.

אינדערלופטנ האָט דער פליִער געמאכט צוויי קרײַזנ איבערנ אעראָדראָמ, אָנגעהויבנ נעמענ א גרויסע הייכ, אויסגעפרווט אינעמ פליִענ דעמ קאָנטאקט, אונ פלוצימ, אנשטאָט זיכ ארעפצולאָזנ נאָכ די באָמבעס, האָט ער שארפ א נעמ געטאָנ אפ לינקס צו דער סטאנציִע שאליא.

די, וואָס זײַנענ געשטאנענ פונונטנ, האָבנ שווײַגנדיקערהייט זיכ איבערגעקוקט צווישנ זיכ. יעדנ איינעמ האָט זיכ געגלוסט ריידנ, נאָר עפעס האָט זיכ געשטעלט אינ האלדז פאָפערעק, עפעס האָט געשטערט אפילע זיכ אויסצוזידלענ אינ דער מאמענ אריינ. אופהייבנדיק די פאפאכע, וואָס האָט זיכ אימ אלעמאָל ארעפגערוקט אינ וועג, איז דער קאָמיסאר אוועק צומ פעלד-טעלעפאָנ.

אז קאטאלניקאָוו איז איבערגעפלויגנ דעמ פראָנט, האָט אונדזער ארטילעריִע, באקומענדיק די יעדיִע דורכ דעמ פעלד-טעלעפאָנ, אימ גענומענ באשיסנ. נאָר—אָנ שומ רעזולטאט. פינצטערניש, קרירע, געהיימעניש האָבנ אײַנגעשלונגענ דעמ אעראָפלאנ אונ דעמ פארעטער. אינאָוונט האָט מענ אָפגעדרייט דאָס שלעסל פונ קאטאלניקאָווס רײַזע-קעסטל. אפ א בייגעלע פאפיר, פאָרויס פאָרזיכטיק אוועקגעלייגט פונויבנ אפנ וועש מיט די ביכער, האָט קאטאלניקאָוו אינ א ווע דונג צו דער „פליִער-פאמיליִע” דערקלערט זײַנע טיפע פאָליטישע איבערצײַגונגענ, וואָס האָבנ אימ געשטויסנ אפנ פאראט קעגנ דער רויטער ארמיי.

„מײַנע הערנ! מיר, אוויִאָ-טוער, וואָס שטייענ אפ דער נייטיקער הייכ, האָבנ זיכ דערלויבט ארײַנצוגיינ אינ א שענדלעכנ קאָנטאקט מיט דער ראטנמאכט. דערמאָנט זיכ, ווער ס'שטייט אינ

דער שפּיץ פון אָט דער מאַכט: אַ קאַטאָרזשאַנ, אַנ אַרעסטאַנט, אַ רויבער, אַ נידערטרעכטיקייט, אַ באַנדיט, — און אַנדערע רויב־פאַרשוינען, וועלכע האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן פאָלקס־קאָמיסאַרן. לעניִנס ציל אַף דעם אוראַל־פראָנט — איז צערייסן דעם בונד צווישן רוסלאַנד און די פאַרבינדעטע, אָפּציִען זייער כייעל פונעם מייִרעוו־פראָנט. נידער מיט דייטשלאַנד, — זאָל לעבן רוסלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך!״

די אוויִאַטערס האָבן איבערגעלייענט קאַטאַלניקאָווס צאַוואָע און האָבן זי אויסגעטייטשט אַפ זייער אויפן. אין דעמזעלבן טאָג האָבן זיי אונטערגענומען אַ היציק־שטורעמדיקן איבערפאַל אַפ דער סטאַנציע ביִלימביי און האָבן באַוואָרפן דעם סוינע מיט באָמבעס.

דער סוינע איז געווען — ווייסגווארדייער און טשעכאָסלאָוואַקן. פון דעם איז קלאָר, אַז דער באַשריבענער סענטיאַבער — איז געווען סענטיאַבער טויזנט ניינהונדערט אַכצן.

דער אוויִאַטער קאַטאַלניקאָוו האָט פאַראַטן די רעוואָליוציע. ער האָט איר דערלאַנגט אַ קליינעם, נאָר אַ ווייטעקדיקן קלאַפּ. די רויטע אַרמיי איז ניט אומגעקומען פון קאַטאַלניקאָווס פאַראַט און פון פיל אַנדערע פון זיין גלייכן. זי איז געבליבן גאַנץ, איז דורכגעגאַנגען און געזיגט — אָט די שטייפ־אָדערדיקע, אייַנגעשפּאַרטע, ניט־באַזיגבאַרע אַרמיי. די רויטע אַרמיי האָט פאַרגעסן וועגן דעם פאַראַט פון קאַטאַלניקאָוון און פון זיינע קאָלעגן. נאָר דער פאַרעטער אַליין קאָן ניט פאַרגעסן. ער מוז דערמאָנען וועגן זיך.

האַרבסט 1925, אַפ אַ בלאַנק „אַ פּילאָט פונעם העכערן פּילאָטאַזש״ שרייבט וואַסיל קאַטאַלניקאָוו אַ בריוו פון אויסלאַנד צו דעם שעף פון די מיליטערישע לופט־קרעפטן פון פסר״ר, — אַ ניִיעם בריוו, אַ נייַע ווענדונג צו דער „פליִער־פאַמיליע״.

„איך בעט אייַער דערלויבעניש צו באַגריסן אייַך מיט דעם גרויסן זיג צוליב דעם לופט־רייד מאָסקווע — כינע. איך האָב הייַנט

רעכט זיך צו גרויסן מיט מײַנע כאווײרים פונעם לופט־רייד — וואָלקאָווינאָוון, פּאָליאקאָוון און נײַדיאָנאָוון. מיט דעם גרעסטן צארגעפיל פון מײַן הארצן טוט מיר באנק, וואָס איך האָב ניט קיין שום פארבינדונג מיט דער שעפערישער ארבעט אפ צו באשאפן און אנטוויקלען די אוויִאציע אין מײַן געבורט־לאנד. איך רעכן פאר מײַן פליכט און פאר מײַן כויוו אײַך בעטן מיר צו דערלויבן קומען צו אײַך אין לופט־פּלאַט צוליב געמיינזאמער ארבעט. איך אנערקען מײַן פעלער, אדאנק וועלכן איך בין געוועז געצוווּנגען אריבערצופליִען אין דער ארמיי פון די טשעכאָסלאָוואקן. נאָר דאָס איז שוין א זאך פון דער פארגאנגענהײַט, בעסער פון דעם ניט ריידן, ווײַל איבער יעדן מענטשן קאָן דאָס לעבן אָפּשפּילן א געשפּעט. דערלויבט מיר באגריסן דעם גאנצן לופט־פּלאָט און אוויִאַ־באשטאנד פון פסר״ר. אפן דרײַסיקסטן יאָר פון מײַן לעבן האָבן אין מיר דערוואכט נאציִאָנאלע געפילן. מיך ציט קיין מאָסקווע — ניט זיצן צען יאָר אין טורמע, נאָר ארבעטן הונדערט יאָר אין דער אוויִאציע".

צום בריוו איז געווען צוגעלייגט עפּעס ענלעכס צו אן אומזיסטיקער פּרעמיע: א פּראָיעקט פון א דענקמאָל „די סאָלדאטן — אָדלערס־אוויִאטערס, וואָס זײַנען אומגעקומען אפ די פראָנטן אין פעריִאָד 1914 — 1921". זייער פלײַסיק געצייכנט א רויט פּיעדעסטאלכן, אפ דעם פּיעדעסטאלכן — א פּראָפּעלער, איבערגעצײַלעמט מיט א שווערדל, העכער פון דעם — א געלבלעכע קאָלאָנע, פונויבן — א רויטער שטערן מיט צוויי פּיצינקעלעך פליגל און מיט דעם עמבלעמע־צייכן פון פסר"ר.

דער פליִער קאטאלניקאָוו איז זייער אן אויסגעהאלטענער און אינערלעך־גאנצער מענטש. בא אים האָט זיך אלצדינג זײַן צײַט. צײַטמעסיקײַט — ביז איבעראשונג. וועגן זײַן מיליטערישן כויוו האָט דער קעמפער־אָדלער זיך דערמאָנט אין פיר יאָר ארום נאָכן פארענדיקן די מילכאָמע, אין וועלכער ער האָט זיך באוויזן אלס פּאכדן און פארעטער. אנערעך צו דערוועלבער צײַט, נאָך דעם,

ווי אלע עמיגראנטישע מעגלעכקייטן און סובסידיעס זיינען שוין געווען אויסגעשעפּט, וואכן באַ אים אויף אויך נאציאָנאלע גע־פילן.

נאָך די גראנדיעזע סאָוועטישע לופט־ריידן האָט אים א צי געטאָן קיין מאָסקווע אויך. נאָר אויך אין דעם איז פאראן דער־זעלבער אינערלעך־גאנצער צוגאנג צו צייט און טערמינען. בעסער הונדערט יאָר רויִקע דינסט אין מיליטערישן דעפּארטא־מענט, איידער צען יאָר טורמע. ס'ארא אָריגינעלע נאטור!

... אף דער זיצונג פונעם הויפּט־געריכט דארף מען דאָס מאָל פאָרן דורך דעם געדיכטן גרינס פון פּעטראָווסקער פּארק. דער טיש — מיט רויטן געוואנט באדעקט. די וואך, די באנק פאר די באשולדיקטע און די מיליטערישע ריכטער־קאָלעגיע אליין, האָבן זיך באזעצט אין דעם פּארגאָסענעם מיט זון הילכיקן זאל פון דער לופט־פלאָט־אקאדעמיע.

די פּובליקע — א געדיכטע שווייגנדיקע האלבע ראָד. קימאט אלע זיינען דאַ באקאנט צווישן זיך, איינע אלגעמיינע, מיט איין לעבנ־שטייגער און איינע אינטערעסן צוזאמענגעשמאָלצענע אוויאָ־פאמיליע. פּעסטע, פארברוינטע יונגע מענטשן מיט פליגל אף די מיליטערישע קעלנער פון די העמדלעך. זייערע פרויען, פאמיליעס.

פאר דער באנק שטייט א פּארשוין, אן אויסזען א דערשלאָ־גענער. ער לייענט עפּעס לאנג און מאָנאָטאָניש פון א בויגן פּאפּיר.

דאָס איז דער פליִער קאטאלניקאָוו.

ער האָט פארלאָזן טשעכאָסלאָוואקיע, אומלעגאל איבערגע־גאנגען די סאָוועטישע גרענעץ, און פון דאָרטן שנעל און געשעפּט־לעך זיך צוגעשטעלט קיין מאָסקווע. דאָ זיך געווענדעט אין אן אוויאָ־אנשטאלט נאָך ארבעט. א געקומענער, אזוי צו זאָגן, פון אויסלאנד, א גוטער אוויאָ־קאָנסטרוקטער. „כ'קאָן זיין זייער נוציק".

מע האָט א פרעג געטאָן קאטאלניקאָוון אף דאָקומענטן. זיך קיין קאפּעלע ניט פארשעמט, האָט ער ארויסגעשלעפּט און

באַווייזן אַ צייַגעניש פֿון אַ רויטן מיליטערישן פֿליִער. אַ צייַגעניש — אַ בעקאַוועדיקע. דער אייַ.ציקער פֿעלער — אַביסל פֿאַרעלטערט. באַצייכנט מיטן יאָר 1918. קאַטאַלניקאָוו האָט מיט פֿאַרויסזען און אָפּגעהיט אויסבאַהאַלטן דאָס סאָוועטישע פּאַפּיר אַכט יאָר! ניט אַרויסגעוואָרפֿן און ניט געלאָזט פֿאַרלירן, — דינענדיק בײַ די ווייַסע, אַראָפּוואַרפֿנדיק באָמבעס אויף דער רויטער אַרמיי און אויף די פֿרידלעכע פּויערים, עוואַקויִרנדיק זיך פֿון ווייַטן מיזרעך, זייַענדיק אין מייַרעוו-אייראָפּע, געפֿינענדיק זיך אויף אויסהאַלט אין טשעכאָסלאָוואַקישן מיליטערישן דעפּאַרטאַמענט!

די אָנפֿירער פֿונעם מאָסקווער „הויפּטלופֿטפֿלאָט" האָבן זיך עטוואָס פֿאַרוווּנדערט אויף קאַטאַלניקאָווס פֿאַרעלטערטן דאָקומענט. פֿאַרגעלייגט צושטעלן אַ מער נייַעם מיליטערישן בילעט. דער ענערגישער פֿליִער איז אַוועקגעפֿאָרן נאָך אַ בילעט אין זייַן געבורט-היים אין אָריאָלער גובערניע.

אין זייַן געבורט-היים האָט מען אים געגלייבט, אַז ער איז געקומען פֿון טשעכישן געפֿענקעניש, נאָר קיין דאָקומענט האָט מען ניט געקענט אַרויסגעבן, און מע האָט אים געהייסן פֿאָרן צוריק קיין מאָסקווע. ווידער דער „הויפּטלופֿטפֿלאָט". און פֿון דאָרטן — גפּ"או.

— איר זייַנט פֿרייַוויליק געקומען אין גפּ"או?

— פֿרייַוויליק, אַליין.

— נאָר פֿון דעם אייניגן זעט מען, אַז מע האָט אייַך אָפּגעשיקט אונטער אַ וואַך.

— ניין, וואָסער וואַך! איך האָב פּשוט ניט געוווּסט, ווו ס'געפֿינט זיך די גפּ"או, האָט מען מיר געגעבן אַ רויטאַרמייער, ער זאָל מיך דורכפֿירן...

ער שטייט — אַן אָפּגעקראָכענער, אַן אומבאַהאָלפֿענער, אַראָפּגעשלאָגן פֿון די פֿאַנטאַליקעס, פּלאָנטערט זיך אין די דערקלערונגען, פּרוּווט זיך מיט פֿיבערדיקער נערוועיִשקייַט עפּעס ריידן וועגן דער ראַטנמאַכט, וועגן די ברידער-פֿליִער, וועגן דעם ווי שלעכט ס'האָט זיך אים געלעבט אין אויסלאַנד.

זייער נעבעכדיק זעט ער אויס, אָט דער טויטער ברוכשטיק
אינ געשטאלט פונ דעמ לעבעדיקנ, פעסטנ אונ נאָכ אינגאנצנ יונגנ
מענטשנ. נאָר ס'איז ניטאָ אינ וואָס דעמ ראכמאָנעס־געפיל אײַנ־
פורעמענ, ניטאָ צו וואָס צוצוטשעפּענ: אינ זײַנע רייד, אינעמ
פארטיידיקנ זיכ, אינעמ אנערקענענ זײַנ שולד — פילט זיכ נאָר די
בלינדע לעבנדורשט אונ די מאָרעשכוירע פאר דעמ מעגלעכנ
פאטאלנ אויסגאנג.

...קאטאלניקאָוו — איז אנ אלטער באקאנטער פונ אונדזער
עפּאָכע. אלצ דערוזעלבער פילפּענעמדיקער קאָנשטעלער אפּ דער
רעוואָליוציע. ער האָט געטראכט — ס'יאָגנ זיכ אינ דער שפּיל צוויי פערד.
ער האָט געשטעלט אפּ דעמ ווײַסנ, געקימענ איז צו לויפנ דאָס
רויטע. דארפ מענ איבערשפּילנ דעמ קאָנ...

ניינ, דער איניענ איז קאָמפּליצירטער, ווי די שפּיל מיט צוויי
פערד. וועגנ דעמ וואָלטנ געקענט דערציילנ הונדערטער אונ טויזנטער
מיליטער־לײַט, געוועזענע אָפּיצערנ אונ פּליִער, וואָס האָבנ פאר־
בונדנ זייער לעבנ מיט דעמ גוידל פונ דער רעוואָליוציע, וואָס
האָבנ אײַנגעשטעלט זייער לעבנ אָנ שומ אויסזיכטנ אפּ פערזענלע־
כע באלוינונגענ. ס'איז א סאָפּעק, אויב אָט די הונדערטער אונ
טויזנטער איז איבעריקנס געווענ אנגענעמ צו דערזענ קאטאלני־
קאָוונ נאָכאמאָל אינ מאָסקווע, מיט זיכערקײַט אנ אומגעקערטנ
פונ זײַנ זיבניערִיקנ פלי־רייס מאָסקווע — מאָסקווע.

דער געריכט האָט, פונדעסטוועגנ, אָפּגעשאצט די גאנצע מאד־
רייגע פונ גײַסטיקער אָרעמקײַט פונ אָט דעמ קליינעמ מענטשע־
לע מיט פּרעטענזיעס, וואָס האָט פארשפּילט זײַנ קאָנ אפּ דער
רעוואָליוציע, וואָס האָט זיכ געפּרווט טאקע אפּ דער רעוואָליו־
ציע צוריק אָפּגעווינענ. ער האָט אָפּגעצויגנ פונ קאטאלניקאָוונ די
געפאר פונ טויט־שטראָפ, וואָס איז געשטאנענ פאר אימ די גאנ־
צע צײַט. ער האָט געשענקט דעמ פּארמישפּעטנ דאָס לעבנ, גע־
לאָזט א מעגלעכקײַט פאר אימ ווענ ס'ניט איז אמאָל אפילע עפּעס
וואָס געבנ דעמ לאנד.

# א כעזשבנ, נאָר ניט קיינ ענדגילטיקער

הײַנט האָבנ זיכ פארענדיקט די גרויסע סאָוועטישע פּלי־רייסנ. דער „פּראָלעטארי״, מאכנדיק א קאָסנ, שארפנ קרײַז אינ־דערלופטנ, האָט זיכ אָנגערירט אינ דער ערד; דער פּליִער גראָמאָוו האָט ארויסגעשלעפּט די וואטע פונ די אויערנ, האָט אויסגעהערט די באגריסונגענ, אָפּגעדאנקט אונ איז אוועקגעפאָרנ אהיימ עסנ מיטעק.

פיר פּלי־רייסנ, אינ פארשיידענע עקנ, אפ פארשיידענע ווײַטנ, מיט פארשיידענע אופגאבעס, אפ פארשיידענעמ אויפנ דערפאָלג־לעכע. מע וואָלט געקענט זאָגנ—אפ פארשיידענע אופאנימ גלענצנ־דיקע, וואָנ ניט דער צופאל מיט דעמ דײַטשישנ מאָטאָר אפ דער סאָוועטישער פּלי־מאשינ—דער סאָוועטישער פּליִער שיבאנאָוו אונ דער סאָוועטישער אעראָפּלאנ, וואָס זײַנענ ארויס גאנצ אונ אומ־געשעדיקט, האָבנ אָפּגעהאלטנ א ניצאָכנ איבער דער ביז גאָר שלעכטער ארבעט פונעמ מאָטאָר „מײַבאכ״.

קימאט אינ דערזעלבער צײַט האָבנ זיכ פארענדיקט די גרויסע פראנצויזישע פּלי־רייסנ.

מיר זײַנענ אָפּגעפלויגנ אויסגעצייכנט, נאָר די פראנצויזנ זײַנענ הײַנטיקס יאָר דורכגעפלויגנ געשיקטער, פלינקער פונ אונדז.

אונדזערע פּלי־מאשינעס זײַנענ גוטע, נאָר די פראנצויזישע זײַנענ פיל בעסער.

אונדזערע מאָטאָרנ זײַנענ נישט שלעכט, נאָר ווי קומענ זיי צו די פראנצויזישע?

ס׳איז דענ גאָר מעגלעכ צו פארגלײַכנ?

מיר וועלנ זיכ פּרוּווּנ.

הײַנט האָט גראָמאָוו אָן שום באַזונדער מי געדעקט אראָ־שארס פאראיאָריקן רעקאָרד. די פראנצויזן גייען פון אונדז אינגאנצן „אַף איין קאָפּ" פאָרויס. ריכטיקער — אַף א יאָר.

די גלענצנדיקע רעקאָרד־פּליִער — פראנצויזן, דער קאפּיטאן זשיריע און דער לייטענאנט דאָרדילי, דערציילן אין דער צײַטונג „פּטי פאריזיען" די געשיכטע פון זייער דורכוויסיקן, אָן אָפּרו, פּליִ־רייס פאריזש — אָמסק און זייערע אײַנדרוקן פון רוסלאנד. פון זיי דערוויסן מיר זיך, וואָס הייסט אין פראנקרײַך זיך צוגרייטן צו א גרויסן לופטפּליִערישן אויסכּרווּ.

„די פירמעס „ברעגע" און „איספּאנאָ־סויִזע" האָבן אונדז פאָרגעלייגט אויסצובויען אן אפּאראט. דער אפּאראט איז געווען אויסגעבויט מיט דער אויסנוצונג פון אלע סאמע מעכטיקסטע טעכנישע מיטלען, וואָס האָבן בארימט געמאכט ביידע פירמעס איבער דער גאנצער וועלט. דער סטאנדארט־עראָפּלאן איז גע־ווען איבערגעפורעמט אין אן עמעסער פּליִענדיקער ציסטערנע, וואָס האָט געדארפט אופהייבן דרײַ טויזנט ליטער בענזין. מיר האָבן אָפּגעגעבן די גרעסטע אופמערקזאמקײַט דעם אויסוואל פון די אקסעסואר־טיילן. וויפל אומאנגענעמע סיורפּריזן נאָך דערפאר, וואָס צום אויסוואל האָט מען זיך ניט באצויגן מיט א גענוג נייטיקן ערנסט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף דעם קאָר־ביוראטער סאָלעקס, אַף דעם מאגנעטאָ סינטיליע, אַף די ליכט „קלג". דאָס ארויסדערלאנגען דעם בענזין איז געווען פארזיכערט דורך דער פּאָמפּע „אמ", און דער ראדיִאטער ווענסען האָט גע־דינט אַף אָפּקילן דעם מאָטאָר. ברעגע נומ. 1685 איז בעעמעס אן אויסגעצייכנטע מאשין: אונדזער מאָטאָר האָט געארבעט אויס־געצייכנט! וואָס פאר א באטרעף האָט בא אים געהאט אופהייבן פיר טויזנט קילאָ און זיי איבערווארפן אַף א שטרעקע פון פינף טויזנט קילאָמעטער!"

„ברעגע" און „איספּאנאָ" — זײַנען די רײַכסטע, די טעכניש־פארוואלקומטסטע זאוואָדן אין אייראָפּע, מיט צענדליקער טויזנטער

אַרבעטער. כּוץ זיי, איז די גאַנצע העכסט נײַסטע אַוויאַ־פּראָדוק־
ציע פון דער וועלט געשטאַנען צו דינסט דעם פּראַנצויזישן מי־
ליטערישן מיניסטעריום. אינדערעמעסן, וואָס פאַר א באַטרעף
האָט געהאַט איבערצוטאַסקען פיר כוויזנט קילאָ ביז אַמסק!

טעכניק אָן מענטשישער ענערגיע — איז גאָרניט. דער אעראָ־
פּלאַן „ברעגע־סוויזע" וואָלט ניט אָפּגעהאַלטן זײַן ניצאָכן איבער
דעם מעהאַלעכאָן זײַנע דרייסטע פירער. נאָר אַראָפּגעלאָזט זיך
אָפּ דער ערד, זײַנען די העלדן פון דער לופט געוואָרן געוויינלעכע
פּראַנצויזישע באַלעבאַטישע בירגער. מע קאָן ניט לייענען אָן קיין
שמייכל די גאַדלעסדיקע כקירעס פון דעם קאַפּיטאַן און דעם
לייטענאַנט וועגן דעם רוסישן לעבן... דער גרויער אויסזען פון
די אַמסקער גאַסן האָט אָנגעסטרויעט די גרויסאַרטיקע רײַזנדער
אָפּ א גײַוועדיק־איראָנישן טאָן.

„די מענטשן האָבן א נעבעכדיקן אויסזען. ניט אין פּיזישן
זין, ניין. זיי מאַכן אַן אײַנדרוק פון געזונטע און זיך גוט נערנ־
דיקע מענטשן. נאָר זייערע קליידער זײַנען אָפּגעטראָגן ביז לעצט.
קיין איין נײַער אָנצוג. אפילע דאָס, וואָס מע פאַרקויפט אין די
קראָמען, זעט אויס ווי אָפּגענוצט. די מענער אין זייערע רוסי־
שע העמדלעך, ניט געקוקט אָפּ די אָפּגעטראָגענע שיך, האָבן
נאָך מער־ווייניקער א שטיקל אויסזען. נאָר די פרויען אין זייע־
רע מעגוּשעמדיקע שיך זעען אויס ווי געשטאַלטן פון אַן אַנדער
עפּאָכע! דאָס אַלץ באַוועגט זיך אומעטיק־פלעגמאַטיש איבער דער
בלאָטע, קנאַקנדיק קערלעך און מאַשינעל מאַכנדיק מיט די קינ־
באַקן".

„פּאָליטיק פאַרנעמט אין די שמועסן א וויכטיק אָרט.
די רוסישע — דאָס זײַנען גרויסע נײַגעריקע. מע האַלט זיך אָן
אויפהער אין עפּעס וואָס דערפרעגן זיך. אין טשעליאַבינסק האָבן
די מיטגלידער פון אַוויאַכעם אונדז געמאַכט אַן עמעסן פאַרהער:
וויפל פאַרדינט א פראַנצויזישער אַרבעטער, און וויאַזוי לעבט זיך
אים? צי שיקן די פּראַנצויזישע אַרבעטער, אַזוי ווי זיי, פרײַווי־

ליקע אָפּצאָלונגען לעטויוועס די שטרײַקנדיקע ענגלישע באַרג־אַרבעטער?—מיר האָבן געמוזט אַנערקענען אונזער אַבסאָליוטע ניט־באַהאַוונטקײַט און אויסדריקן אונדזער סאָפּעק".

דעם פראַנצויזישן קאַפּיטאַן און דעם פראַנצויזישן לייטענאַנט, ווי ס'איז צו זען, האָט שטאַרק צעלאַכט אָט דאָס פּאַנאַנדער־פרעגן זיך פון אָרעם געקליידטע מענער און פרויען אין געמײַנע שיך וועגן הילף פאַר די ענגלישע באַרג־אַרבעטער. ניט בײַ די באַלעבאַטים פון די אַוויאַ־זאַוואָדן, ניט בײַ זייער מיליטערישער נאַטשאַלסטווע, האָבן זיי ניט אָנגעהויבן צו הערן וועגן אַזעלכע קוריאָזע זאַכן. ביז אַצינד מיסטאָם, דערמאָנענדיק זיך וועגן אָמסק און טשעליאַבינסק, גייען דער לייטענאַנט מיטן קאַפּיטאַן אויס פון געלעכטער, פאַרשטעלנדיק זיך די זאָרגן פון די אָפּגעריסענע „גרויסע קינדער" וועגן די פראַנצויזן און ענגלענדער...

און דערבײַ זײַנען ביידע פליִער געוואָרן ערנסט פאַרכידעשט פון דעם ניט־באַגרײַפלעכן פאַקט—אָרעם־געקליידטע מענטשן בוי־ען פון זייערע אייגענע גראָשנס, ניט פון קאַזיאָנע מיטלען, די אַוויִאַציע.

„פראַנקרײַך האָט אַפן געבויט פון לופט־פליִערײַ אומבאַשטרײַט־לעכע דערפאָלגן. נאָר לאָמיר זיך אַף אַ מינוט פאָרשטעלן, אַז עפּעס אַ פּראָפּאַגאַנדיסט מיט אַ זאַמל־בויגן אין דער האַנט קומט אַראָפּ צו אונדזערע פּויערים און פאָדערט 20 פּאַפּירענע פראַנק לעטויוועס עפּעס אַן אַוויִאַ־געזעלשאַפט. צי קלערט איר, אַז ער וועט האָבן דערפאָלג? פונדעסטוועגן, אָט איז שוין אַ יאָר צײַט, אַז אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַ געזעלשאַפט „אַוויִאַכעם", וואָס ציילט אין אירע רייען ביז דרײַ מיליאָן מיטגלידער. מיט וואָס לאָזט זיך דערקלערן אַזאַ דערפאָלג?"

דער קאַפּיטאַן און דער לייטענאַנט פּרווון דערקלערן דעם דערפאָלג מיט דעם, וואָס די געזעלשאַפט ווערט געשטיצט מיצאַד די אָנפירנדיקע פּערזאָנען. נאָר זיי אַליין לייקענען אָפּ זייער דערקלערונג. זאָל נאָר פּרווון וועלכע ס'ניט איז אָנפירנדיקע

פראנצויזישע פערזאָנען, אפילע פּואנקארע אליינס, ארויסצוציען באַם בורזשואַ פון קעשענע כאָטש אַ פּאָר קארבן אַפן דער נאַציאָנאַ־לער אוויאַציע! די רעגירונג וואָלט אַראָפּגעפלויגן פון בענקל אין איין טאָג.

הייסט עס—פולע פריוואַטקייט. זשיריע און דאָרדילי באַשטעטיקן אָט דעם אומגלייבלעכן פאַקט. מענער אין אָפּגעטראָגענע העמדלעך און פרויען אין מעגושעמדיקע שיך באַשאַפן פריוואַטליך פון זייע־רע אייגענע באַשרענקטע רעסורסן די אוויאַציע פון אַ גאַנץ לאַנד.

מער גאָרניט ניט האָבן די בראַווע פראַנצויזישע פליער באַ אונדז מיט קיין טאָלק ניט געזען. ניט געפעלן געוואָרן זיי מאָס־קווע. פאַריזש איז בעסער. „די פיר טעג אין מאָסקווע זייַנען באַ אונדז דורכגעגאַנגען געשווינד און אַנגענעם אַדאַנק דער פאָ־רויסזעעוודיקייט פון אוויאַכעם און פון דעם פראַנצויזישן קאָנסו־לאַט. נאָר פאַרברענגען אין מאָסקווע אַ מער לענגערע צייט—איז ניט פון די איבעריק־פרייַלעכע זאַכן. און ווייַטער—זייַנען דאָרטן אַלע קרענקלעכע פאַרכאַפּט מיט לענינען. קאַרל מאַרקס, לענין, סערפּן און האַמערס, רויטע שטערן—דאָס אַלץ טאַנצט נאָך באַ אונדז ביז אַצינד פאַר די אויגן...״

דער קאַפּיטאַן מיט דעם לייטענאַנט האָבן אָפּגעשטעקט אַ פלי קיין אָמסק און האָבן זיך עלעגאַנט צוריק אַראָפּגעלאָזט אין פּאַריזש. אַפן אַעראָדראָם האָבן אַף זיי אָפּגעוואַרט מיט שייַנענ־דיקע פּענעמער די פאַבריקאַנטן פון „ברעגע״ און „איספּאַנאָ־סוי־זע״. די אַרבעטער פון די אוויאָ־זאַוואָדן, וואָס האָבן מיט זייערע הענט געמאַכט די „פליענדיקע ציסטערנע״, האָט מען ניט צוגע־לאָזט אַפי ע פאַר די טויערן.

דער פליער גראָמאָוו האָט געמאַכט אַ פלי אַרום גאַנץ אייראָ־פּע און האָט זיך עלעגאַנט אַראָפּגעלאָזט אַפן דער כאָדינקע. די שלאָסערס און טאָקערס פונעם זאַוואָד „סאַמאָליאָט״ צוזאַ־מען מיט דעם אינזשענער טופּאָלעוו זייַנען געקומען באַגעגע־

נען, האָבן אַרומגעטאַפּט דעם „פּראָלעטאַרי״, וואָס זיי האָבן גע־מאַכט, דורכגעקאָנטראָלירט די טראָסן, געקלאַפּט איבער דעם ראַ־דיאַטער, שטרענג און באַגוטיקט געקוקט אויף זייער לייבלעך קינד, וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

— מיר האָבן אים דאָך, אייגנטלעך, געמאַכט אין אַ טראַק־טיר! „צאַגי״ האָט אָפּגעדונגען אויף וואָזנעסענסקע גאַס, אין אַ געוועזענעם טראַקטיר, אַ צימער, און דאָרט האָבן מיר דאָס אַעראָפּלאַנדעלע אויסגעאַרבעט. מיר נעמען זיך די פליגל צו־פּאַסן — ניטאָ ווו. כאָטש נעם שטעל אַרויס די פליגל אין פענצ־טער אַריין. ס׳איז אויסגעקומען צו אַרענדירן נאָך אַ צימערל. און מיטן מאָטאָר האָט מען געמוזט צוװאַרטן, ביז מיר האָבן די גאַנ־צע אַרבעט ניט אַריבערגעטראָגן אינדרויסן אַרויס. מאַמעש ניט געװוּסט װוּ זיך אַ ריר צו טון. און נישקאָשע, דערבויט ביזן סאָף. זיך דורכגעפלויגן דאָס יאָטל, ניט פאַרשעמט געוואָרן!

דער שלאָסער פון דעם זאַוואָד „סאַמאָליאָט״ גלעט זיך די וואָנצעס און קוקט אויף מיר פריילעך, כיטרע.

באַ מעשונע־ווילדע ניט גלייכע באַדינגונגען צווישן אונדז מיט פראַנקרייך, באַ אונדזער אָרעמקייט, וואָס איז מיט העפלעכ־קייט באַשטעטיקט פונעם קאַפּיטאַן זשיריע, שטייען מיר אָפּ פון פּאַריזש אויף איין יאָר.

און באַ „אַלע איבעריקע פאַרשיידענע באַדינגונגען?״

מיר וועלן נאָך צוװאַרטן אונטערצייִען די לעצטע שורע. מיר האָפן נאָך ניט איין מאָל אונטערצופירן קעגנזייטיקע באַלאַנסן צווישן די רויטע פליִער מיט דעם קאַפּיטאַן און לייטענאַנט, צווישן די מאָסקווער שלאָסערס מיט די באַלעבאַטים פון די פּאַריזשער זאַוואָדן.

# איטלעכער אפ זײַן פּלאַץ

קאַם־קאַם, נאָך א לאַנגער פּאַרשלעפּעניש, האָבן זיך געשטעלט עמעסע הייסע טעג, און פונדעסטוועגן טראָגט זיך אין די אינ־דערפריִען דורך אין דער גאַנצער וועלט א קלײנינקער פראָסטי־קער צוג־ווינט.

ער ווינטלט אין די צײַטונג־בלעטער אפ אַלע שפּראַכן, בײַם הונדערטער מיליאָנען מענטשן וואַרפן זיך מיט נײַגער צו אײנע און דיזעלבע שפּאַלטן, ווו ס׳ווערט דערציילט וועגן אײנעם און דעמזעלבן.

— ווו איז טשוכנאָווסקי?

— צי וועט מען נאָך זוכן מאַלמגרעמס קערפּער?

— איז, ענדלעך, כאָטש פּאַראַן א מינדסטע יעדיִע וועגן אַמונדסענען?

— און ווי פילט זיך מאַריִאַנאָ?

אַלץ האָט זיך איבערגעפלאָכטן אין איין קנופּ. דאָס קימאַט זיכערע אומקומען פון דעם גרעסטן נאָרוועגישן רײַזנדער און אַרקטיק־פאָרשער, די געהיימניספולע דראַמע אפ די אומשווימענדיקע אײַזבערג צווישן צוויי איטאַליענער און איין שוועד. דער עפּנט־לעכער פאַרמעסט צווישן די אוויִאַטערס פון ענגלאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליע. דער לעגענדאַרער דורכרײַס צווישן די אייביקע אײַזבערג פון די סאָוועטישע אײַזברעכער. דער גורל פון דעם קליינעם היטעלע, וואָס דער פאַשיסטישער גענעראַל האָט מיטגע־נומען מיט זיך אין דעם טריומף־רייס.

צוליב דעם, קעדיי זיך צו פאַנאַנדערקלײַבן אין די פאַרפּלאָנ־טערטע פּראַגעס און געהיימנישן, וואָס זײַנען אַנטשטאַנען בײַ דער לעצטער עקספּעדיציע צום פּאָליוס, וועט מען דאַרפן א

גרויסע און זייער א פארצווייגטע אויספאָרשונג. ס׳וועט נייטיק זײַן א גאנצע גראָבער באנד, קעדיי איבערצוגעבן די רעזולטאטן פון דער אויספאָרשונג. און ס׳איז נאָך א ספק, צי ס׳וועט זיך איינגעבן אזא ארבעט דורכפירן. און נאָך איז א ספק, צי וועלן אלע מעלוכעס, וואָס שטעקן מיט א פוס אין דעם איניען, רע־כענען פאר זיך פאר געוווּנטשן אזא מין אויספאָרשונג.

דערווייל ליגט פאר די אויגן פון דער גאנצער מענטשהייט א מעכטיקער שניי־ווייסער בויגן פאפיר, צו וועלכן ס׳האָבן זיך, אדאנק איין קאָנקרעטן פאל, צוגערירט מיט די הענט, באצייכנט זייערע נעמען און האנדלונגען פארשיידענע לענדער, פארשיידע־נע סאָציאלע גרופעס, פארשיידענע געזעלשאפטלעכע שיכטן.

די גאדלעסדיקע אונטערשריפט מיט דריידלעך פון דעם גע־נעראל אומבערטא נאָבילע האָט געזאָלט געווען זײַן אוועקגע־שטעלט אפן שניי־ווייסן בויגן אין סאמע אויבנאָן. ווי גלענצנדיק ס׳איז געווען פארטראכט!

פאר די איטאליענער, פארשטייט איר מיך, איז נייטיק פאר־פעסטיקן זייערע רעכט אפן פאָליוס. די איטאליענישע נאציע און איר רעגירונג קאָנען זיך ניט באגיין אָן קיין פאָליוס. ניט אזוי זײַנען זיי צוגעוווינט!

וואָס האָט עס צו דעם, וואָס אין איטאליע פאלט אויס א שניי איין מאָל אין צען יאָר, וואָס האָט עס צו דעם, וואָס פון רוים מעגסטו אפילע זיך יאָגן און טראָגן דרײַ יאָר נאָכא־נאנד, וועסטו צו קיין שום צאָפן ניט דעריאָגן? אויב דער האָ־לענדישער קייסעריניע געהער דער אינדזל יאווע, וואָס אונטער די טראָפיקעס,—פארוואָס־זשע זאָל דער איטאליענישער קייסער ניט האָבן קיין קאָלאָניע אף דעם צאָפנדיקן פאָליוס, ניט ארײַנ־שטעלן אָט דעם פאָליוס אין דער פאָרם פון עפעס א מין צוגאָב פון א דימענטן־אײַזיקער גוליע צום גערב פון דער סאוויער דינאסטיע?

דער אָנגריף אף דעם צאָפן־פאָליוס האָט זיך צוליב דעם, קעדיי צו פארשלעפערן די וואכזאמע שכיינים, פון אָנהייב גע־

פֿירט אונטער זייער א מאסקירטן וויסנשאפֿטלעכן צודעק, מע האָט אויסגעשריבן פֿאַר א וויסנשאפֿטלעכן אָנפֿירער ראָאַלד אמונד־סענען מיט אַלע זײַנע אפּאַראטן. ביכער, קענטעניִשן און דערפֿאַ־רונג! די רײַזע האָט זיך דורכגעפֿירט אין נאָמען פֿון צוויי לענ־דער, און אין איינקלאַנג מיט דעם האָט מען אפֿילו דעם דיריזשאַבל אָנגערופֿן מיט דעם נאָמען פֿון אמונדסענס פֿאָטערלאַנד—„נאָר־וועגיע".

אדאנק אמונדסענס דערפֿארענער און רויִקער אָנפֿירונג האָט זיך די עקספּעדיציע אײַנגעגעבן גלענצנדיק. דער צאַפּן־פֿאָליוס איז געווען דערגרייכט, דער דיריזשאַבל האָט צוגעשטעלט די רײַזנדער בעשאָלעם צוריק און זיי אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד געזונט און שטארק. דאָך האָט זיך טייקעף ארום דער פֿלי־עקספּעדיציע צעפֿלאָקערט א גאנצע פֿארפּלאָנטערטע אינטריגע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אדאנק אמונדסענס דעמאסקירונגען.

דער נאַיִווער רײַזנדער, וואָס האָט ערנסט גערעכנט נאָבילען פֿאַר א געלערנטן, איז געוואָרן שטארק אופֿגעבראכט, ווען ער האָט זיך איבערצײַגט, אז ער האָט געדינט אלס שירמע פֿאַר א מיליטעריש־קאָלאָניִאַלער אקציע. מיט צאָרן באשרײַבט אמונד־סען אין זײַן בוך, וויִאזוי נאָבילע האָט פֿארן סאמע פֿאָליוס זיך אויסגעסטראָצלט אין זײַן גענעראַלסקע מונדיר, וויִאזוי ער האָט זיך גראָב געשאפֿן, ווי מיט אייגענע דינער, מיט דער קאָמאנדע פֿונעם דיריזשאַבל, וויִאזוי ער האָט ארויסגעוואָרפֿן פֿון יענער זײַט באָרט די וויסנשאפֿטלעכע אפּאראטן מיט די געמאכטע פֿארצייכענונגען, ביים מע האָט געדארפֿט עטוואָס גרינגער מאכן די שיף...

נאָבילעס נײַע רײַזע איז געווען פֿארטראכט מיט צוויי צילן. ערשטנס—באווײַזן אָט דעם אלטן שקראַב אמונדסען, וואָס האַלט אזוי שטארק פֿון זיך, ווער עלטער איז. צווייטנס—ענדגילטיק, אָן נארישע סענטימענטן, פֿארפֿעסטיקן דעם פֿאָליוס פֿאַר איטאַליע.

לויט די אַלגעמיינע מיינונגען איז דער וויסנשאפֿטלעכער באַ־טרעף פֿון דער צווייטער נאָבילע־עקספּעדיציע ווערט גארניט מיט

נישט. וואָס דען זאָל ער ווערן זײַן, אז דער בראווער גענעראַל האָט מיטגענומען מיט זיך אין וועג א צײלעם פון דעם רוימישן פויפסט אליין, קעדיי אים אײַנצושטעלן אפן פּאָליוס, און שאמפּאַניער, קעדיי אויסצוטרינקען אים דאָרט אפן אָרט. און אופּטו זײַער א שיקארער, וואָס איז דאָ פאראן צו שמועסן!

געוויס וואָלט איטאַליענער גענוען צום הארצן — אפן צאָפן־פּאָליוס אויסטרינקען א קעלישעקל בראָנפן, און באלד אפן דאָרעם־פּאָליוס פארבײַסן מיט א געזאלצן שוועמל. דערדאָזיקער אופּטו האָט נאָר געקאָסט זייער טײַער! מיט א בלוטיקן פלעק האָט זיך צעשמירט די שיינע אונטערשריפט, וואָס דער גענעראַל האָט געוואָלט אוועקשטעלן אף דעם סאמע אָנגעזעענעם אָרט פון דעם שניי־ווײַסן שעטעך פון דער אומבארירטער ארקטיקע...

ווער־זשע האָט דער ערשטער זיך אוועקגעיאָגט צוהילף די אומקומענדיקע אָנטיילנעמער פון דער נעבעכדיקער לופט־"אוואנטיורע"?

ווידער — אמונדסען.

אוועקגעיאָגט — און ניט געבליבן, ווײַזט אויס, אומגעקומען, פאלנדיק אלס קאָרבן פון זײַן העכסט גרויסמוטיקן אקט. באוווסטזיניק גרויסמוטיקן, ווײַל אמונדסען האָט גוט געוווסט די ווערט פון דער וויסנשאפטלעכער עקספּעדיציע, וואָס ער איז אוועק ראַטעווען.

וואָס קען נאָך זײַן אומגעלומפּערטער און טראגישער פון אמונדסענס סאָף?

קימאט אנדערהאלבן הונדערט יאָר זײַנען רײַזנדער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אומגעקומען פון הערבישע פּרוּוון, צו דערגרייכן דאָס דעם דאָרעם־פּאָליוס, דאָס דעם צאָפן־פּאָליוס. אפן גורל פון איין מענטשן איז אויסגעפאלן דער אויסערגעוויינלעכער קאָוועד און דאָס אויסערגעוויינלעכע גליק — דער ערשטער צו אנטדעקן דעם דאָרעם־פּאָליוס און דער ערשטער אָנקומען אף דעם צאָפן־פּאָליוס. און נאָך דעם אלץ — קומט אום „אָט דער העלד פון צוויי פּאָליוסן",

זיער באַקרוינטער מיט היסטאָרישנ וועלט־רומ מענטש, וואָס, לויט זײַנ אייגענער מעלדונג, ארויסגעזאָגט אינ א שפּאַס, „איז אימ אומעטיק, ווײַל ס'איז שוינ ניטאָ וואָס צו אנטדעקנ", — קומט ער אומ, צונויפשטויסנדיק זיכ מיט א כּוסטער אונ נישטיקער אונטערנעמונג פונ דער איטאַליענישער מיליטערשטשינע!... נאָכ אמונדסענס שיקנ די שוועדנ, די פינער, אמעריקאַנער, זייערע רעטונגקרעפטנ צומ אָרט, ווו נאָבילע איז פארפאַלנ געוואָרנ. אינ דער גאַנצער וועלט־פּרעסע הייבט זיכ אויפ א שרעקלעכער טומל. דער רעקלאַמע־ראַש פארטונקלט אויש די הימלענ. נאָר קאַמ ערגעצווו אינ דער אויסלענדישער פּרעסע ווערט געמאָלדנ פּאַרטוּיבט אונ שטארק געקארגט, אז „אויכ די באָלשעוויקעס" האָבנ ארויסגעשיקט, אָדער קלײַבנ זיכ דאָרט ארויסשיקנ, עפּעס אייניקע שיפנ אָדער אעראָפּלאַנענ צוהילפ דעמ עקיפּאַזש „איטאַליע".

אינ אָט האָבנ אויכ די באָלשעוויקעס, צווישנ אלע אנדערע, אוועקגעשטעלט זייער נאָמענ אפנ שניי־ווײַסנ בויגנ. נאָכ דעמ, וואָס די שוועדנ האָבנ זייער קאָרעקט ארויסגעראַטעוועט פונ דער צאָרע דעמ עלטסטנ איבער דער עקספּעדיציע, אונ נאָכ דעמ מיט דערוועלבער פּאָרזיכטיקײַט ארויסבאַפרײַט זייער אוויאַטער, נאָכדעמ האָט דער עקיפּאַזש פונ „קראַסינ" אונ „מאַליגינ", די אוויאַטערס טשוכנאָווסקי אונ באַבושקינ, באַוויזנ פאַר דער וועלט א ווירקלעכע ערנסטע ארבעט, אָנ שומ רעקלאַמע, באַמ ראַטעווענ די אומקומענדיקע. ריזיקירנדיק מיט דעמ אייגענעמ לעבנ, אונ ריזיקירנדיק זייער ערנסט, האָבנ זיי ביז אצינד שוינ אָפּגעראַטעוועט א גאַנצנ האַלבנ טוצ פונ די נעבעכדיקע עקספּעדיציע־אָנטיילנעמער, וואָס האָבנ זיכ אוועקגעלאָזט אײַנצונעמענ דעמ צאָפנ־פּאָליוס מיט דער הילפ פונ דעמ רוימישנ פּויפּסט.

די הילפ פונ דער ראַטנמאַכט האָט מענ דאַפקע כיישעק געהאַט צו פארשווײַגנ, נאָר בעשומויפנ האָט מענ זיכ ניט געוואָלט פונ איר אָפּזאָגנ. אז נאָבילע האָט זיכ שוינ געפונענ אינ דער ווארעמער קאַיוטע פונ דער שיפ „שטאָט מילאַנ", האָט ער גענומענ באַרויִקנ די

ארומיקע מיקויעכ דעמ גורל פונ דעמ לייטענאנט ווילֿיערי אונ אַלע איבעריקע, וואָס אָט דער גענעראל האָט איבערגעלאָזט אפנ אייז.

— זיי וועלנ ניט אומקומענ, — האָט פארזיכערט נאָבילע, — מיט זיי איז דאָכ געבליבנ די מאָפּסימ־ווייזנדיקע איקאָנע פונ דער מאדאָנע דילאָרעטאָ!

די מאדאָנע איז זיכ א מאדאָנע — נאָר די אפּיקאָרסימ פונ דער שיפּ „קראסינ" האָט מענ געבעטנ זיכ צווײלנ. די אפּיקאָרסימ האָבנ זיכ גערנ א נעמ געטאָנ, אונ נאָר מיט זייער אנטשלאָסענער הילפ האָט די מאדאָנע באוויזנ, וואָס זי קאָנ. זאָל זי נאָר געווענ פּרוּוונ אָנ זיי!

די ליבעראלע, לינק־געשטימטע בורזשואזע פּרעסע מאכט אנטציקטע פּאָליטישע אויספירנ פונ דעמ פאקט, וואָס באָלשעוויסטישע מאטראָסנ אינ פּליִער האָבנ געראטעוועט א פאשיסטישע עקספּעדיציע. אינ דעמ פאקט זעענ די באזונדערס אופגערודערטע פּובליציסטנ קימאט ווי אנ אָנהייב פונ שאָלעמ צווישנ די קעמפנדיקע קלאסנ אונ זייערע פּארטייענ.

מאכנ אזעלכע אויספירנ — איז נאריש מער פונ אַלצ. פארשטייט זיכ, „קראסינ" האָט געראטעוועט ניט קיינ פאשיסטנ אונ ניט קיינ פאשיסטישע קאָלאָניאלע אוואנטיורע, נאָר פּאָשעטע אומקומענדיקע מענטשנ, וואָס זיינענ ארײנגעפאלנ אינ די טויטע אָרעמס פונ דער גלייכגילטיקער פּאָליארישער נאטור. ניט אומזיסט מעלדעט דער טעלעגראפ, אז ווענ אינ צוזאמענהאנג מיט די דערפאָלגנ פונ דעמ אוויאטער טשוכנאָווסקי האָבנ זיכ אפ די ווענט פונ די מילאנישע פאבריקנ באוויזנ אופשריפטנ פונ ארבעטער — לעבנ זאָל „קראסינ"! — האָט די פּאָליציי לאנג ניט געזאמט אונ גענומענ מאכנ אונטערזוכונגענ.

טשוכנאָווסקי האָט ניט געזאמט. די ארבעטער אינ מילאנ האָבנ ניט געזאמט. די פּאָליציי האָט ניט געזאמט. אונ די איטאליענישע קאָמוניסטנ וועלנ אינ א געוויסנ פאל אויכ ניט פארזאמענ... איטלעכער אפ זיינ אָרט, בא זיינע פליכטנ. אַלצ איז אינ אָרדענונג! די שפּיל גייט ווייטער!

## אין געסט צו פּרעמדע

דער קירצסטער וועג פון דעם הויז פון דער „פּראוודא" קיין בערלין און רוים גייט דורך דורך טווערסקאיא גאס און לענינ־גראדער שאָסיי. צוויי אזייגער באנאכט איז קיין טראמווייען ניטאָ, מיט אווטאָמאָבילן קאָנען זיך אין דער צייט באנוצן נאָר אויסערסט־פּאראנטוואָרטלעכע טוער; מענטשן מיט א ראנג נידע־ריקער דארפן זיך פון אָוונט נאָך באשטעלן א טאקסי אָדער א ביז אנגסט־שטיקנדיקע, מעגושעמדיקע באשעפעניש פון אן אומ־באוווסטער „מארקע" מיט א פעטן געלן פּאס ארום און ארום דעם וואָגן. די אומגעלומפּערטע באשעפעניש קומט צו יאָגן מיט א פארשפּעטיקונג אפ פופציק מינוט, באם רודער זיצן מיטאמאָל עפּעס צוויי שטאטנע איינסן, ביידע זיינען זיי אונטער דעם גלעזל, און אפ דער פּראגע, פארוואָס האָבן זיי פארשפּעטיקט, ענטפערן זיי מיט א ווייניק־באזיניקטן געלעכטער.

אפן וועג צום אעראָדראָם פאַרהאַקט זיך די באשעפעניש צוויי מאָל, די שאָפערן לייגן פאַר ארויסצוגיין און אונטערשטופּן די מאשין. מיר באוועגן זיך זייער געשווינד אין דער צייט, נאָר זייער פאמעלעך אין רוים.

אין מאָסקווער לופט־פּאָרט שמעקט שוין מיט אייראָפּע, א פּריש ווינטל, אפ דער האלב איבערגעמישט מיט א רעגן, ווייט אָפּנארעריש, ווי פונעם יאם. שוין אוועק די צייטן, ווען וואָלקנס און רעגנס האָבן אויסגעשלאָסן די פלי־רייסן. די פּאסאזשיר־אעראָ־פּלאנען „דערוליופט", „דאָבראָליאָט", „אוקרלופטוועג" פליען ארויס אין יעדער וועטער. אָט אצינד גרייטן זיך איילינק עטלע־כע גרויסע אפּאראטן, וואָס ליגן מיט זייערע ווײדלען שווער אפ דער ערד, אין וועג ארײַן. פלינק, פינקטלעך, ארבעטן ארום זיי

די ארבעטער. פריער האָבן אפן מאָסקווער אעראָדראָם געהערשעוועט סאמע אויסלענדער. איצט טוען אלץ אונדזערע. דאָ האָט זיך שוין קימאט אויסגעלעבט די ראסייִשע צעקראָכנקייט און שטופעניש בא דער ארבעט, וואָס עקזיסטירן נאָך אין אנדערע ערטער. דאָ זאָגט מען „נו, וועלן מיר פארויכערן",—ערשט דעמאָלט, ווען דער אעראָפלאן ווערט ענלעך אפ א קליין פינטעלע אין הימל.

און הייַנט הייבן מיר אויך אָן פון א געוויסן רעקאָרד. די נאַטשאלסטווע האָט נאָך מיט אנדערהאלבן וואָכן צוריק באשטימט דעם סטארט פון די „סאָוועטן־פליגל" אפן דעם צענטן יול, דרייַ אזייגער פארטאָג. און מיר, ניט געקוקט אפ דעם שלעכטן וועטער, הייבן זיך אופ צודערצייַט אָן קיין שום אָפלייגענישן און איבערטראָגענישן אפ שפעטער—דער ערשטער פאל פאר דער גאנצער צייַט פון די גרויסע סאָוועטישע לופט־רייסן. מעגלעך, אז צום סאָפ פונעם פינפיאָר וועלן זיך די זיצונגען אויך בא אונדז אָנהייבן צודערצייַט.

פאר דעם ערשטן סאמע לענגסטן לופט־רייד איז דער אפאַראט באלאָדן מיט גרויסע צוגאָב־באקעס מיט בענזין. דאָס גיט א געוויסע שווערוואָגיקייַט דעם ארופלי. עטלעכע מעכטיקע קאָנוולסיעס פונעם אפאראט, וואָס שטרענגט אָן אלע זייַנע קויכעס, און באלד מיטאמאָל ווערן אונדזערע באגלייטער אקראָבאטיש אוועקגעשטעלט אָנגעבויגן קימאט ווי אונטער א גראָדן ווינקל צו דער אפ דער זייַט אויסגעדרייטער ערד, און אלץ ווערט דעמאָלט פארשלונגען אינעם ראש.

דער ראש פון די דרייַ מאָטאָרן איז א שרעקלעכער, די פאסאזשירן פארשטעקן זיך די אויערן מיט וואטע, און דער פילאָט—מיט ספעציעלע אזעלכע פארשטעקערלעך פון פישביין, ווי גרויסע זאפאָנקעס, מיטן קעפל אינעווייניק אין אויער ארייַן. דער פילאָט האלט זיי שטענדיק בא זיך, אין א פודעלע, אין קעשענע (גראָמאָוו האָט זיך שעמעוודיק מוידע געווען, אז אָפטמאָל שטופט ער זיי ארייַן אין די אויערן בייס ער גייט אין

אָפּערע). פונדעסטוועגן דרינגט דער ראַש אַרײַן דורך דער וואַטע און דורך די ספּעציעל־צוגעפּאַסטע פאַרשטעקערלעך גאַנץ גרינג. אָרגאַניזירט, מעטאָדיש, ניט באַמערקט, עקבערט ער אין אויער דאָס באַראַבאַן־הײַטל, און דער רעזולטאַט דערפילט זיך ערשט שפּעטער. נאָך צען מיט אַ האַלבער שאָ פליִען שטייט אין קאָפּ און אין די אויערן אַן אומופהערלעכער מוזיקאַלער, נאָגנדיקער קלאַנג פון אַ הויכן טאָן, עטוואָס ענלעך אָפּ דעם הודען פון טעלעגראַף־דראָטן.

אויב ניט רעכענען דעם ראַש, געפינען זיך די פּאַסאַזשירן פון דער סאָוועטישער פלי־יאַכטע בײַ די פולסטע באַקוועמלעכ־קײַטן. די קאַבינע איז געראַם, ברייט, קימאַט ווי דער מאָסקווער טראַמווײַ. די שטולן זײַנען געמאַכט אויסגעצייכנט. מע קאָן אין זיי זיצן, קוקן אין די ברייטע וואַגאָן־פענצטער, מע קאָן ליגן האַלב־צוגעשפּאַרט, און אַז מע לאָזט אָפּ דעם פּאַסיק, קען מען ליגן קימאַט אינגאַנצן אויסגעצויגן.

אין קאַבינע איז פאַראַן צוויי שאַפּקעלעך פון דעם טיפער־פּעט־שאַפּקעלעך, ווי געוויינלעך אָפּ די דאַמף־שיפן, שטאָרן, פאָרהענגלעך, געפלאָכטענע באַגאַזש־נעצלעך, אַפילע אַ מיניאַ־טיור פּאָדערצימער מיט אַ הענגער פאַר די מאַנטלען מיט אַ שעטעך אַנערעך ווי אין די מאָסקווער קאָאָפּעראַטיווע הײַזער. און, ענדלעך, אַ וואַטער, וואָס דערפירט מאַמעש ביז נאַיִווער אַנטציקונג אַלע, וואָס באַקוקן דעם אַעראָפּלאַן. קיין באַזונדער באַדערפעניש איז אין דערדאָזיקער אײַנריכטונג ניט פאַראַן, זי איז געמאַכט געוואָרן מער צוליב דעם, קעדיי צו דעמאָנסטרירן דעם הײַנטיקן מענטשישן ווילזײַן אינדערלופטן. ווי איינער רעדט, אַלץ ווי בײַ לײַטן, און אַפילע אָט, ביטע שיין! אין מע־שעך פון דעם לאַנגן וועג האָט קיינער ניט באַנוצט דאָס קליינע קאַבינעטל צוליב דירעקטער נויט, נאָר איינער פון די פּאַסאַזשירן האָט זיך זעקס מאָל נאָכאַנאַנד אָפּגעזונדערט אַהין, און ווי ס'איז קלאָר געוואָרן, האָט ער דאָרט גוטמוטיק גערויכערט, וואָס ס'איז

העכסט שטרענג פארבאָטנ אונ ס'איז גאנצ געפערלעכ אויכ.

מיט דעמ ארויסלאָז פונ די „סאָוועטנ־פליגל” האָט אונדזער אוויִאָ־אינדוסטריע אָנגעהויבנ א נייַעמ רעקאָנסטרוקטיוונ עטאפּ.

דרייַ יאָר צוריק האָבנ מיר געמאכט דעמ ערשטנ דרייסטנ פלי־פּרווו קיינ איירָאָפּע אפּ אונדזערע מאשינעס, גרינגע, פונ א מיליטערישנ טיפּ. אויסגעמייַסטרעוועט זיכ, דאָס פּאָנעמ ניט פארשווארצט. אונדזערע פייגל האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ גוטע, פעסט צונויפגעשטעלטע, גרינגע, פלינקע. נאָכ מער, די ערשטע אוויִאָ־מאָטאָרנ פונ דער סאָוועטישער קאָנסטרוקציע האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אינ פיל הינזיכטנ ניט ערגער פונ די אויסלענדישע. איינער פונ זיי האָט אָרנטלעכ איבערגעטאסקעט איבער דעמ שווארצנ יאמ א יאבּאָשע־אפּאראט, אָנ שווימ־שיכ. דאָס האָט ארויסגערופנ א סקעפּטישע פארכידעשטקייַט מיצאד די אויסלענדער. ווענ אונדזער „ר—1” האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אפּנ אעראָדראָמ אינ אנגאָרע, האָבנ די פאָרשטייער פונ פראנצויזישע פירמעס אונטערגעקויפּט די וואכ אונ אומגעקראָכנ באנאכט באקוקנ, צי איז דאָ עפּעס ניטאָ קיינ שווינדל, צי האָבנ די באָלשעוויקעס ניט אונטערגערוקט פאר זייערס א מאָטאָר דעמ „נעפּיר” אָדער „איספּאנאָ־סויִזע”.

יענע צייַט איז שוינ פארשווונדנ ווייַט הינטער אונדז, יענע צייַט מאָלט זיכ שוינ אונדז אליינ אויס, ווי די גאָלדענע קינדהייַט. די סאָוועטישע אוויִאָ־אינדוסטריע איז שוינ אוועק אפּ הונדערט ווערסט פאָרויס. מייַרעוו־איירָאָפּע גלייבט ניט אינ אונדזערע דערפאָלגנ. ס'גלייבט זיכ ניט איבער דעמ, ווייַל ס'איז טאקע שווער צו גלייבנ אויכ. ווי קומט צו אָנ אָפּגעשטאנענע לאנד אופשטעלנ בא זיכ די פאָרשריטלעכע פונ פאָרשריטלעכסטער איידלסטע טעכנישע אינדוסטריע? אונ נאָכ גלייבט זיכ ניט דערפאר, ווייַל ס'וויל זיכ ניט גלייבנ.

אין צוזאמענהאנג מיטן קומען פון די „ראטן־פליגל״ האָט דער בערלינער „פאָרווערטס״ אָפּגעדרוקט א זייער זויערע נאָטיץ. דער נײַער מאָסקווער אעראָפּלאַן איז איינדערעמעסן גאָרניט קיין מאָסקווער, נאָר א דײַטשישער, ס׳האָבן אים אויסגעבויט אין מאָסקווע די געוועזענע „יונקערס״־אינזשענערן, פּינקטלעך אָפּקאָפּירנדיק די לעצטע דײַטשע מאָדעל „ראָרבאַך״. דעמדאָזיקן „ראָרבאַך״ האָט מען אונדזער עקספּעדיציע געוויזן אין בערלין, און מיר קענען מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט זאָגן: „ס׳הייבט זיך ניט אָן״. דאָסזעלבע—וועגן די טוער פון „צאַגי״, מיט וועלכע מיר שטאָלצירן טאקע, ווײַל זיי זײַנען אונדזעריקע.

מיר קאָנען אומקערן צוריק דעם „פאָרווערטס״ און זײַנע נאָכפאָלגער דעם פאָרוואורף, דערמאָנענדיק זיי וועגן דעם, אז דאָס האָבן זיי ניט פּײַנט צושלעפּן דאָס, וואָס זיי דאכט זיך, אז ס׳ליגט ניט שטארק ווײַט. די פאָרווערטסיסטישע צײַטונגען האָבן דאָך געשריבן אין צוזאמענהאנג מיט דעם סאָוועטישן פלי־רייד מאָסקווע—פּעקין—טאָקיאָ, אז דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער, ווי א זיג... פון דער דײַטשישער טעכניק. אין דעם כינעזישן פלי־רייד האָבן ווירקלעך גענומען אָנטייל צוויי „יונ־קערסן״, נאָר פון זיי האָט זיך איינער צעהארגעט קימאט אפ פּיצ־לעך, און דער צווייטער האָט נאָר אדאנק דער אײַזערנער ענער־גיע פון די פּילאָטן איבערגעשניטן דעם אומגעהייער־מעשונעדיקן פלי־שעטעך אין דער ברייט קימאט פונעם גאנצן איירא־אזישן מאטעריק. ווען מיר וועלן סאָפּקאָלסאָפּ דעריאָגן די אמעריקאני־שע טעכניק—וועט מען מיסטאמ אין ניו־אָרק, פּונקט ווי אין „פאָרווערטס״, זאָגן דאָסזעלבע:

— נו, ווער איז געווען גערעכט? די אמעריקאנער טעכניק האָט טאקע אײַנגענומען אין רוסלאנד!..

...אפּן אעראָפּלאַן שטעלט זיך שנעל אײַן א נאָרמאלער, אפּי־לע אן איבערנאָרמאלער הויכער שטייגער. איטלעכער באזונדער אָרדנט זיך אײַן אפּ אן אונטערגעשטרײַכט־היימישן רויקן אויפן.

מע עסט, מע לייענט, מע פרוווט שפילן אין שאָך, מע נעמט זיך אפילע ארויסלאָזן דעם ערשטן נומער פון דער פאָרטראכטער נאָך פאר דעם פליִען ערשטער לופט־צײַטונג אין דער וועלט אונטער אן אינטריגירנדיקן נאָמען „די גרוב אינדערלופטן”. פאראן פרווון אָנצוהייבן דעם אָנגעמערקטן שאָך־טורניר אפ דער הייך פון 1000 מעטער. נאָר דאָס אלץ שײַנט ניט צו אײַנגעבן זיך אזוי גרינג. דער אומגעהייער־שרעקלעכער ראַש גיט א מעגלעכקײַט האלטן א פארבינדונג נאָר דורך צעטעלעך, מע שרײַבט אָן מיטאמאָל א בארג מיט פאפיר. צוויי זשורנאליסטן רעדן זיך שנעל דורך דעם האנט־אלפאבייז, און צום שלוס פון דעם אלעם הייבט אָן, איידל גערעדט, ווי ניט־ווי עמעצן צענעמען פון אינעווייניק.

די געזעצן פון דער לופט־קרענק זײַנען פונקט אזא סאָרט זאך, ווי די יאם־קרענק. איינעם כאפט אָן א גרימעניש, אויב ער האָט פאר דעם גוט אָפגעגעסן, דעם צווייטן אויב ער איז ארויסגעפלויגן אפן ניכטערן הארצן, א דריטן, ווען ער ליגט, א פערטן — אין וואָסער א צושטאנד איר ווילט, אבי ניט ליגנדיק. פאראן מענטשן, וואָס ס'ווערט זיי ניט גוט אין סאמע אָנהייב, דערפאר נאָכדעם פילן זיי זיך דעם גאנצן וועג מונטער־בראוו. פאראן אפ פארקערט אויך — אייניקע שפאסן זיגעריש אָפ די גאנצע צײַט איבער דעם קראנק־געוואָרענעם שאָכן, און פלוצים ווערן זיי אפ דעם געוויסן אויפן גרינג, ווען אונטער דעם אעראָ־פלאן דרייט זיך שוין דער פיניש. איינעם פון אונדזערע פאסאזשירן איז מיטאמאָל געוואָרן ניט גוט, בעת מע האָט אים געמאָלדן דורך א צעטעלע, אז מיר פליִען דורך דווינסק. מעגלעך, אז עפעס איז פארבונדן ניט קיין גוטס בא אים מיט אָט דער טויב־פראָווינציעלער שטאָט, וואָס איז איצט א לעטישע. פאראן סאמע פארשיידנארטיקסטע טיפן לופט־קראנקע. ניט פאראנען נאָר קיין אבסאָליוט געזונטע. אפילע בא די סאמע אויסגעפרווטע פליִערס איז פאראנען א געוויסער מאָמענט, א

געוויסער גרענעץ, וואָס נאָך דעם ווערן זיי געגליכן צו אַלע שטערבלעכע. ווער וועט דערווייזן, אַז לינדבערג האָט זיך פאַרשעמטערהייט ניט איבערגעבויגן צום פאַרמעטענעם שקאַרמיצל, איבערשנײַדנדיק די אַטלאַנטיק אין זײַן היסטאָרישן רייס!!

נאָר, צוריק גערעדט, האָבן די אַלע שמועסן קיין שום שײַכעס ניט צו אונדזער פּילאָט. ער זיצט זיך דאָרט פונפאָרנט אונטער דער האַלב־אופגעעפנטער טיר. די פּלייצע זײַנע דריקט אויס א גרינגע רויִקע לאַנגווײַליקייט, אַן אַבסאָלוטע אָפּוועזנהייט פון אָנגעשטענגטקייט און פון צולייגן פיזישן קויעך — יענער באַזונדערער סטיל, וואָס איז בלויז כאַראַקטעריסטיש עפּשער נאָר פאַר צוויי־דרײַ צענדליק אוויִאַטערס איבער דער גאַנצער וועלט.

באַם פאַראיאָריקן גלענצנדיקן שנעל־פלי איבער אייראָפּע איז גראָמאָוו געווען אויסגעוויילט אין פּאַריז פאַר א מיטגליד פון דער געזעלשאַפט „אַלטע שטאַמען", פון א מאָדנער אָרגאַניזאַציע, וועלכע קלײַבט זיך קיינמאָל און אינערגעץ ניט צונויף און פירט ניט קיין שום אַרבעט, או· וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר נאָר א ערנ־צעטל פון די סאַמע געשיקטע, דרייסטע, אויסגעפּ[illegible]וטע און פאַרדינסטפולע אוויִאַטערס. מיט דעם ערנ־נאָמען „אַלטער שטאַם" באַשענקען די אַלטע שטאַמען אַליין, זיי דערקענען און באַשטימען אומגענאַרט דיווירקלעכע מײַסטערס פון דער לופט לויט א גאַנצער ריי סימאָנים, און אויך אין אָט דער רויִקער לאַנגווײַליקער מאַניר צו זיצן באַם רודער. אין איר איז פאַרבאָרגן די העכסטע עקאָנאָמיע פון קויכעס, די העכסטע אויסגערעכנטקייט פון יעדער באַוועגונג, פון יעדער פונק־בליץ אין די נערוון־שטראָמען באַ דעם קאָמפּליצירטסטן מעכאַניזם אונטער דעם נאָמען פּילאָט.

ארום און ארום גראָמאָוון אין זײַן קליינער קאַיוטע פון גלאָז אָטעמט אַלץ מיט אָרגאַניזירטער, קימאַט אײַנגעדרימלטער רויִקייט. גלאַטיק שווימען זיך די ווײַזערלעך באַ די אַפּאַראַטן,

רויִק־קאלטלעכ גלאנצנ די שרויפנ און הענטלעכ. לעבנ גראָמאָווס אָרט מיט דער רול־אָנפירונג איז דאָ נאָכ איינ אָרט פונקט אזא, א צווייטס. דאָס איז פאר א פארבײַט־פּילאָט, בא זייער לאנגע רייסנ. דער ערשטער פּילאָט קאָנ אײַנדרימלענ, אפילע אינגאנצנ פאר־לאָזנ די קאיוטע. אווטאָמאטיש טראָגט זיכ די אָנפירונג אריבער צום צווייטנ אָרט.

אינ אָנהייבס איז דאָ הײַנט געזעסנ דער באָרט־מעכאניק רו־סאקאָוו. נאָר ער איז פאר דער צײַט אוועק אינ דער פאסאזשיר־אָפּטיילונג, זיכ דאָרט אײַנגעקוטעט איבערנ קאָפּ מיט דעמ פּלאשטש און אײַנגעדרימלט, ווי אנ אראבער אינ דער מידבער. אנ אויס־געצייכנטער מעכאניק, קאָנ אפ אויסווייניק יעדער קארב אפ די שרויפנ אינ די דרײַ מאָטאָרנ פונ אונדזער „אנט—9". נאָר ער איז נאָכ זייער א יונגער „באָרט". אפנ באָרט פונ עראָפּלאנ פילט ער זיכ נאָכ ניט אינגאנצנ היימיש, און דאָס האָט זיכ באלד געלאָזט פילנ. רוסאקאָווס אָרט פארנעמט זארזאר, דער עלטסטער איבער אונדזער עקספּעדיציע. ער פּראקטיקירט זיכ אינ דער אָנ־פירונג מיטנ עראָפּלאנ, דערלערנט, פּאראלעל מיט גראָמאָוונ, די קער־באוועגנ פונ די רודערס.

נאָר דעמ פּילאָט איז פונ דעמ ניט גרינגער. צודערצו איז ער נאָכ עפּעס באומרויִקט. ער דארפ עפּעס. עטלעכע מאָל דרייט ער זיכ אויס און קוקט דורכ דער טיר אינ דער אלגעמיינער קאיוטע. וואָס פעלט אימ? דעמ עק פונ אפּאראט ווארפט אָפּ אפ ארופ, צי וואָס? אָדער די מאפּע איז ניט די, וואָס מע דארפ?.. ערשט אינ בערלינ זײַנענ קלאָר געוואָרנ די עמעסע סיבעס פונ גראָמאָווס פראגע־בליק. דאָס איינציקע שטארקע געפיל, וואָס אונדזער אוויִאטער האָט איבערגעלעבט פאר דער צײַט פונ זײַנ גלענצנדיקנ רייס, וועלכער האָט געבראכט א נײַעמ רעקאָרד דער סאָוועטישער אוויִאציע—איז געוועג דאָס געפיל פונ שארפנ הונ־גער. טרוימ־געדאנקענ וועגנ עפּעס א שטיקל גערויכערטנ קאָלבעס, וועגנ א בוטערבראָד מיט וואָלעכשנ קעז און מיט פּוטער.

...עפּעס באַזונדערע מענטשן זײַנען זיי, אָט די נײַע העלדן פֿון דער נײַער סאָוועטישער טעכניק — פּליִער, אינזשענערן, שאָפֿערס, טראַקטאָריסטן. זיי פֿירן אַ געווענט אין באַדינגונגען פֿון ביטער־סטער אומגליַיכקייט מיט דער ווילד־כיַיִשער אויסלענדישער טעכניק — און זיי נעמען זי איַין. זיי שלעפּן אַרויס פֿאַר די אוי־ערן די פֿאַרקוועטשטע צווישן די איַיזנבערג איטאַליענישע גענע־ראַלן, זיי מאַכן דורך אַף פּרימיטיוו־הײמישע מאַשינעס גראַנדיִע־זע אַעראָ־שליטן־רייסן איבער שנייִקע שטרעקעס, וואָס איז ניט אַרומצוכאַפּן, זיי פֿליִען איבער די איוראָפּעס, שטעלן רעקאָרדן, וויַיזן וווּנדער פֿון אויסגעפּרוּווטקייט, דרייסטקייט, פֿאַרשטאַנד, אויסגעהאַלטנקייט... און דערבײַ לעבן זיי איבער... — עפּשער נאָר אַ געפֿיל פֿון הונגער. מיט די רעוואָליוציאָנערן פֿון פּאָליטיק וואַקסט בא אונדז אויס אַ מאַכנע נאָענטע צו זיי רעוואָליוציאָ־נערן פֿון טעכניק, וואָס אַנטפּלעקן אַלץ מער און מער אויס־געצייכנטע מוסטערן.

און מיר באַמערקן דאָס ניט. מיר האָבן זיך איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל צוגעוווינט זידלען אונדזערע טוער, פֿון סאַמע אָנהייב שטעלנדיק העכער די אויסלענדישע קאָנקורענטן אַלס מער קולטורעלע, מער קוואַליפֿיצירטע. און דאָס איז ניט ריכ־טיק.

אונדזער אַרבעטער, אונדזער טעכניקער — גענומען אַלייִן פֿאַר זיך — איז וויַיט ניט ערגער, און אָפּטמאָל אַפֿילו בעסער פֿון דעם מיַירעוו־איראָפּייִשן. אַלץ איז געווענדט אין דער פּסי־כאָלאָגישער סוויווע, אין וועלכער ער אַרבעט. די סאָוועטישע פּראָלעטאַריער, אַז זיי מאַכן דורך אַ געוויסן סטאַזש אין גוט־איַינגעאָרדנטע מיַירעוו־איראָפּייִשע אונטערנעמונגען, וויַיזן זיי זיך אַרויס פֿאַר מער פֿאַרשטאַנדיקע, מער ענערגישע, אַרבעטפֿייִקערע פֿון אַנדערע. אין אונדזערע זאַוואָדן האָבן מיר ערשט איצט אָנגעהויבן איַינשטעלן אַ נאָרמאַלע אַטמאָספֿער פֿון אַרבעט־קולטור. זי קומט צו פֿאַרבײַטן מיט זיך די געבליבענע

פון אמאָל אָפּגעשטאנענקייט פון אלץ מיט אלעמען, די אומ־קולטורעלקייט, דעם ניט־אָפּשיי צום מענטשן און זיין ארבעט. וויפל ביישפילן אזעלכע זיינען געווען פאר דער לעצטער צייט — אונדזערער אן ארבעטער, אן אָנגעשטעלטער, אריינפאלנדיק אין אויסלאנד אין ארבעט־באדינגונגען, ווו מע האלט זיך ריין און מע פירט זיך אוף פיין, קאָרעקט, נעמט איבער מיט גרייטקייט און פארגעניגן די דאָרטיקע קולטורעלע געוווינהייטן, און נאָכ־דעם, ווען ער קערט זיך אום צוריק אין דער אָפּגעשטאנענער היימישער סוויווע, הייבט ער זיך אָן צו פילן ניט גוט צווישן די אייגענע כאווײרים, און דער סאָפּ איז, אז ער ווישט מיט פאַרדראָס אראָפּ פון זיך דאָס דינע אייבערשטע הייטל פון ריינ־קייט, פּינקטלעכקייט, אָנגעשטרענגטקייט, אינטענסיווקייט אין דער ארבעט.

דער סאָציאַליסטישער פארמעסט פורעמט אויס די אלגעמיינע זאוואָד־מאסע אין נייע אָרגאַניזירטע גרופּעס, בריגאַדעס, אָטריאַדן, וואָס טיילן זיך פאנאנדער צווישן זיך אין זייער באציִונג צו דער ארבעט. דידאָזיקע דיפערענצירטקייט וועט געבן א מעגלעכ־קייט ארויסצובאווייזן זיך אונדזערע בעסטע ארבעטנדיקע עלע־מענטן, וועט געבן צענדליקער און הונדערטער נייע העלדן פון דער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער טעכניק, נייע יונגע גראָ־מאָווס, טשוכנאָווסקיס, קאזאנצעווס, מאטראָסאָווס, טרע־גערס.

...נאָר דער וועטער וויל אונדז ניט לאָזן־צורו. וואָלקנס, ווי גראָבע נאסע קישנס, דריקן צו די פלי־מאשין צו דער ערד. זי פליט אפּ אן אומגעהייער קליינער, אומבאקוועמער שלעכטער הייך — 15, 20, 50 און ניט מער פון הונדערט מעטער. דאָס רופט זיך אָן „גאָל־פלי" (אזוי נידעריק, אז ער „גאָלט" די ערד), דאָס דראָט אונדז מיט א ריי אומאנגענעמלעכקייטן. נאָר אויב מע זאָל זיך אופהייבן העכער, קאָן מען זיך פארבלאָנדזען, און אנשטאָט אָנקומען קיין בערלין, קאָן מען פארקריכן דער רוען ווייסט

ווהינ. דאָס וואָלט זײַנ דאָס ערגסטע, וואָס איז נאָר מעג־
לעך.

קעדיי געווינענ דעם קאָנ, מאכט דער אוויִאטער נאָך איינ דרייסטנ שריט. ער גיט זיך א נעם ווינקלדיק, אונ טראָצ דער פּראָגראמ נעמט ער שארפ א קורס צומ וואסער־צו. איינ־גאנצנ אומבאמערקט רײַסנ מיר זיך אָפּ פונ אלע ארומיקע ברעגנ אונ מיר פליִענ זייער נידעריק איבער דעם גאנצ שטורמישנ באלטישנ יאמ. א זאך איז דאָס זייער א ריזיקאלע, זי קענ אונדז אָפּצאָלנ פאר דעם אופּטו, אוועקזעצנדיק אָנ א שום האָפענונג די שווערע מעטאלישע פלי־מאשינ גלײַך אפנ דנאָ פונ יאמ, — נאָר כוצ געוויסער רויִקער פארינטריגירטקײַט רופט זי גאָרניט ארויס.

אונ ווידער דערמאנט זיך דאָס שוינ לאנג־פארשווונדענע זעקס־אונ־צוואנציקסטע יאָר, ווענ מיר האָבנ, רײַטנדיק אפּ א גרינג פייגעלע, מיט פארוסינענע פליגל, אָפּגעזילבערט מיט א־זילבער־פארב, מיט א מאָטאָר פונ קוסטארישער ארבעט, גענומענ מיט שטורעמ דעם שווארצנ יאמ.

דעמאָלט איז דאָס געווענ דער ערשטער פארכאפּונגס־געפיל פונ דער קעמפערישער טעכנישער פארטיזאנשטשינע. איצט, אפ די דרײַמאָטאָריקע „ראטנ־פליגל" מיט עלפ ערטער, איז דאָס די אינ זיך זיכערע קראפט פונ א וואקסנדיקער אוויאָ־אינדוסטריע, די שטײַגנ־דיקע קרומע ליניע פונ אונדזער אינדוסטריאליזאציע אונ סאָציִ־אליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

מיר וועלנ מיט א רויִקנ געמיט באווײַזנ אונדזער יונגנ דרײַ־מאָטאָריקנ יאט מיט בײַנער דער סקעפּטישער אייראָפּע, נאָכדעמ וועלנ מיר אימ אָפּשיקנ קיינ טורקעסטאנ ערגעצ־ווו אפ דער ליניע טאשקענט־דיושאמבא, דאָרט ווו די מידבער־שטרעקעס אָנ א סאָפ אונ אָנ א גרענעצ האָבנ זיך אזוי פארבענקט נאָך רײַ־טערס אײַנדערלופטנ.

די פלי־מאשינ וועט האָבנ א פולע אונ שטענדיקע אָנלאָ־דונג — ווי שארפ איז די באדערפעניש אינ א מעכטיק פארקער־

מיטל, וואָס זאָל דורכשנייַדן אַפּ דורך און דורך די שטרעקע דאָרט, אין די נאָך ניט באַהערשטע נאַטור־רוימען.

מיר וועלן גרייט מאַכן די לײַדיקשטייענדיקע פעלדער און לאַנקעס פון אַ זעקסטכיילעך וועלט, מיר וועלן פליִען איבער זיי אין דער הייך, צעגראָבן, צעאַקערן זיי מיט דעם מעטאַל פון דער נייַסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניק, באַדעקן מיט אַ גרינער דעק פון זאַנגען, מיר וועלן זיי גרייטן צו יענער שוין ניט אַזוי ווייַטער צייַט, ווען, ווען...

ס׳וועט דאָך קומען אַזאַ צייַט, ווען דער נייַ־געגרינדעטער אַלייראָפּייִשער פּאָלקאָמווירט וועט אונדז פאָרלייגן איבערכאַפּן דעם אָטעם, עטוואָס אַראָפּלאָזן דעם טעמפּ פון אַלץ שטייַגנדיקער אינדוסטריִאַליזאַציִע, און מיר, „פּאַרוואָרפענע ביזן האַלדז״ מיט נייַע מאַשינעס, מיט מיליאַרדישע קרעדיטן פון די ברידערלעכע אויסלענדישע רעפּובליקן, וועלן גאַנץ גערן אייַנגיין דערויף, מיר זאָלן זיך אָנרופן סאָציִאַליסטישע ברויט־שפּייַזער פון דער וועלט, איבערגעבנדיק דאָס ווייַטערדיקע באַוואָרענען און איבערבאַוואָרענען אונדז מיט טעכניק — אונדזערע כאַווײרים און באַזאָרגער פון מייַרעוו־אייראָפּע!..

נאָר אָט דידאָזיקע — אין דעם געגעבענעם מאָמענט עמעסע לופט־טרוימען, אין דירעקטן זין פון וואָרט — קומט אויס עקסטרע אָפּצולייגן אַפּ אַ זייַט.

מע דאַרף אין דעמזעלבן דירעקטן זין זיך אַראָפּלאָזן פון די הימלען אַפּ דער ערד. פונונטן האָט פּלוצים אַ ווונק געטאָן בערלין, איבערגעקערט, ווי אַ שיסל פון וועלכער ס׳וועלן זיך אָטאָ באַלד אַ גאָס טון אַ געדיכטע מאַסע מענטשן און אווטאָמאָבילן. זאַרזאַר ווינקט צו אונדז מיט די הענט וועגן דעם, אַז ס׳איז נייטיק זיך ברענגען אין אָהדענונג פאַר דיזער דערווייַל נאָך ווייַס ניט סאָציִאַליסטישער אייראָפּע. נאָר, ניט וואַרטנדיק אַפּ גאָרניט, טוט גראָמאָוו זייער עפּעקט, קימאַט אין אַ גראָדן ווינקל, אַ פאַל אַראָפּ, ווי אַ שטיין, אַפּ דעם טעמפּלהאָפער

אעראָדראָמ. אינ די אויגנ גיבנ שארפ א שלאָג די בונטפארבי־קע פלעקנ פונ די טריבונעס, באפלאָכטענע מיט פאָנעס קאָלאָ־נעס, ווײַסע סערוועטנ, לאקייענ, מענטשנ אינ הארטע היט אונ מיט צילינדערס. מיר שטייענ שוינ, לאָזט זיכ אויס, אפנ גלאטנ אעראָדראָמ־פלאצ, פונ ווייכנ קערנערדיקנ אספאלט.

ווענ איז דאָס געשענ? מיר זײַנענ גלײַכ ווי אראָפּגעשפרונגענ נאָכ אנ אקראָבאטישנ נומער אפ דער צירק־ארענע. מע אפלאָ־דירט פונ ארומ אונ ארומ, מע לאכט, מע נעמט אונדז אראָפּ מיט א גאנצנ עסקאדראָנ פאָטאָ־ אונ־קינאָ־אפאראטנ. דער אָרקעסטער שפילט דעמ „אינטערנאציאָנאל”, נאָר פארטויבט, ווייכ, מיט עפּעס א טעמפּ פונ א טאנצ,—ווידעראמאָל, ווי אינ צירק א מארש. צוליב דעמ, קעדיי בא קיינעמ זאָל עס ניט ארויסרופנ קיינ שומ ווונדער, שפילט דער אָרקעסטער טאקע נאָכ דעמ „אינטערנאציאָנאל”—„דײַטשלאנד, דײַטשלאנד איבער אלעס”. אצינד איז אלצ אינ אָרדענונג, אלצ איז אפ זײַנ אָרט.

מע פירט אונדז אומ איבער דעמ בערלינער לופט־פּאָרט, מע באווײַזט אונדז זײַנע אויסגעצייכנטע געבײַענ, ווארשטאטנ, האָטעלנ, אינגאנצנ אינ א באזונדערנ, נײַ־געשאפענעמ אוויאָ־סטיל. שארפזיניקסטע טעכנישע אײַנריכטונגענ, דורכויסיקע מע־כאניזאציע, מינימומ ענערגיע־פארשווענדונג, מינימומ מענטשנ, מינימומ אויסגעבראכט געלט אפ ארבעט־קראפט, ווירקלעכע, פּראקטיש־פאנאנדערגעוויקלטע קאפּיטאליסטישע ראציאָנאליזאציע. אונ זי מאכט, אויסערלעכ יעדנפאלס, אנ איבערראשנדיקנ עפעקט.

ממ־־יאָ ... ווײַזט אויס, מע וועט דארפנ מאכנ ווייכער אביסל דעמ אָנהייב פונ אָט די שורעס, יענצ אָרט, ווו אפנ מאָסקווער אעראָדראָמ האָט שוינ א שמעק געטאָנ מיט אייראָפּע. די טעג האָט מענ אינ פרידריכסהאפנ אפנ סאמע רויִקנ אויפנ אראָפּ־געלאָזט אפנ וואסער אונ אופגעהויבנ אינדערלופטנ א נײַע פלי־מאשינ—„דאָ איקס”—צוועלפ מאָטאָרנ, הונדערט ערטער פאר די פּאסאזשירנ, א גיגאנטישער ראדיוס פונ פארקער. אונ מע מאכט

שוינ נאָכ אזעלכע לויט די באשטעלונגענ פונ איטאליע, דאָרעמ־אמעריקע, מיטאמאָל אינ עטלעכע עקזעמפּליארנ. ביזוואנענ דער אלוועלטלעכער פאָלקאָמווירט וועט אונדז אָנהייבנ באזאָרגנ מיט אלעמ נייטיקנ לויט טעלעגראפישע באשטעלונגענ—דערווײַל מוז מענ נאָכ אָנגעשטרענגט, פיבערדיק זיכ בויענ, קאָנסטרוירנ, רעקאָנסטרוירנ, ניט אָפּשטיינ, אונ מיט נײַע קויכעס, מיט ביטערנ שווייס—דעריאָגנ, דעריאָגנ, דעריאָגנ.

אינ דער קאָמפּליצירטער סיסטעמ פונ אונזער אינדוסטריע איז די אוויאַ־בויונג דער וויכטיקסטער אונ בעקאָוועדיקער צײַגער. א ציגל־פאבריק איז, פארשטייט זיכ, אויכ אינדוסטריאליזאציע, נאָר אָפּגיסנ הויכסאָרטיקנ שטאָל, עלאסטיש־בייגעוודיקע פאסנ פאנצער־אליומיני, איבערפלעכטנ אלע מינימ מעטאלנ אינ קאָמפּליצירטע, פּינקטלעכ געפּאסטע פלי־מעכאניזמענ—דאָס הייסט זיכ אופהייבנ אפ די סאמע העכסטע שפּיר־טורעמס פונ אינדוסטריאליזאציע.

אוויאציע—דאָס איז דער קאָנטראָליר־טערמאָמעטער פונ אונדזער שוץ־טעכניק, פונ אונדזער קולטור. ביזוואנענ דאָ, אינ מײַרעוו־אייראָפּע, אינ פײַנטלעכנ געוועט צווישנ די אימפעריאליזמענ, וואָס היטנ אייגנס דאָס אנדערע, אײַלט מענ זיכ געשווינד אונטער מיט די אָקעאנישע פלי־רייסנ, דארפנ מיר באהערשנ פונדערלופטנ אונדזערע פיל גרעסערע ערדישע אָקעאנענ. אפ אונדזערע ערד־אָקעאנענ איז דאָס אעראָפּלאָנ זיכ ניט געפערלעכ. די כוואליעס פונ געלע זאנגענ, די דערפער פונ פארוואָרפענע עקנ, וועלנ אופנעמענ די שטאָלענע פייגל ווי פרײַנט, ווי הילפ־העענט, ווי לערער פונ א נײַעמ, שעפערישנ, צו דער צוקונפט אָנגעווענדטנ לעבנ...

אפ דער טעמפּלהאָפער ארענע האָט דער סאָוועטישער אעראָפּלאנ זיכ באוויזנ, ניט ווי א בראווער, וווילגערישער לופטרײַטער, ניט ווי א רוסישער אוויאָ־דזשיגיט, נאָר אלס לעבעדיקער באווײַז פונ אונדזער לאנד, וואָס אינדוסטריאליזירט זיכ, אלס אָנזאָגער פונ דער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

# טראָוועמיונדע

הײַנט איז בא אונדז אַ ערנסטער פרימאָרגן, פול מיט אָנשטרענגונג. פרי אופגעשטאנען, פרי זיך אויסגעקליבן אין שטאָט אַרײַן, אפ דעם טעמפּלהאָפער אעראָדראָם. אפ דעם צעמענטענעם אעראָדראָם־פּלאַץ שטייט אונדזער פייגעלע אַן אויסגעוואַשנס, אַ ריין בלישטשענדיקס.

הײַנט גאַנצפרי פליִען מיר ניט אפ די „ראַטן־פליגל". אַ גאַנצע גרופּע גוט אויסגעפּרעסטע, ריין אויסגעגאָלטע לײַט, פאַרקלײַבט זיך באַם אַרײַנגאַנג אין דער קאַבינקע, פאַר דעם בונט פאַרפאַרבטן באַוועגלעכן לייטערל, וואָס דער פּערסאָנאַל פון אעראָדראָם שטעלט צו, ווי דאָס אַראָפּשטײַג־בריקל אפ דעם וואָלגער טײַך־ברעג, צו יעדער לופט־שיף, וואָס געפינט זיך אין אעראָפּאָרט. דײַטשישע אינזשענערן, מעכאַניקער, זשורנאַליסטן, וועלן הײַנט אפן באָרט פון „אַנט־9" אויסלערנען זײַן ווערט, אַרומשמעקן, אַרומטאַפּן, אָפּשאַצן... אַ קאָמפּאַניע האָט זיך צונויפגעקליבן מיט שאַרפע נעגל. צוויי בעסטע דײַטשישע אוויִאַטערס, דער הויפּט־מעכאַניק פון דעם טעמפּלהאָפער לופט־פּלאַץ און פיר פאַרוואַלטערס מיט די אוויִאַ־אָפּטיילן פון די גרעסטע דײַטשישע צײַטונגען.

אין דערזעלביקער צײַט וועלן מיר אין אָרדענונג פון קעגנפרײַנטלעכקײַט זיך דורכפליִען אפ דעם דרײַמאָטאָריקן „ראָרבאַך", אַ נאָרוואָס אַרויסגעלאָזטער נײַער מאָדעל, וואָס איז מיט אונדזער „אַנט—9" פון איין עלטער.

דאָס קלײַבן זיך דויערט ניט לאַנג. די דײַטשישע געסט האָבן זיך שוין באַזעצט אין אונדזערע שטולן, נאָך אײַנגעזעסענע פון מאָסקווע. גראָמאָוו הייבט אוף דעם אַפּאַראַט אינדערלופטן קימאַט

לויט א ווערטיקאלער ליניע, גלײַכ פונ אָרט, — די געבליבענע פונונטנ באשטענדיקע אעראָדראָמ־באזוכער שאָקלענ מיט די קעפ אפ אזא ערשטקלאסיקנ שיק. אונ מיר זעצנ זיכ אײַנ אפ דעמ „ראָרבאכ".

לויט דעמ טיפ אונ קראפט זײַנענ ביידע פלי־מאשינעס קימאט איינס אונ דאָסזעלבע. פונקט אזויפיל פאסאזשיר־ערטער. נאָר דאָכ אייניקע אויסנאמענ ווארפנ זיכ גלײַכ אינ די אויגנ.

פריִער פונ אלצ די אונטערגעשטרײַכטע זאָרג וועגנ דער באקוועמלעכקײַט, געפארלאָזיקײַט אונ גוטער שטימונג פונ די פאסאזשירנ. אפילע ניט וועגנ זיכ גוט פילנ, נאָר טאקע וועגנ דער שטימונג. דער לאָזונג „באדינענ" — געוועלטיקט איבער דער דײַטשישער פראָדוקציע. באדינענ דעמ געברויכער ביזנ סאָפ, „ביז דער שפענט", ארויסבאווײַזנ פאר אימ, פאר דעמ געברויכער, די מאקסימאלסטע זאָרג, וועגנ אימ, דעמ געברויכער, אנטפלעקנ פאר אימ, פאר דעמ געברויכער, א שרעקלעכע ליבע. דאָס איז די הויפט־אויפגאבע פונ אלע האנדלס־אונטערנעמונגענ, וואָס קומענ אינ באציִונגענ מיט די רײַכע שיכטנ. דאָס דאָמינירט אינ דער דײַטשישער בירגערלעכער אוויִאציע. אינ די אינסטרוקציעס פאר דעמ אוויִאטער פארנעמענ דאָס גרעסטע אָרט די פאראגראפנ וועגנ דעמ גוטנ אײַנדרוק, וואָס דער פלי־רײַס דארפ איבערלאָזנ באמ פאסאזשיר. אויב דער וועטער איז ניט קײנ רויִקער, מעג דער אוויִאטער פארלירנ אינ דער צײַט, אינ דער שנעלקײַט, נאָר בעשומויפנ טאָר ער ניט דערלאָזנ, די פאסאזשירנ זאָלנ לײַדנ פונ לופט־קרענק. פסיכאָלאָגיש איז דער כעזשבנ א ריכטיקער, וואָרומ עטלעכע מינוט פונ נודיענ וועלנ זיכ אויסווײַזנ דעמ פאָרער פונ דער פאסאזשיר־קאיוטע אסאכ לענגער, איידער א גאנצע איבעריקע שאָ פונ רויִקנ פליִענ. מע זאָגט אפילע, אז בא די אוויִאטערס איז פאראנ א ניט־אָפיציִעלע פאראָרדענונג אפ דעמ פאל, אז אינ א באשטימטנ מאָמענט איז נייטיקער נעמענ א ריזיקאלע ריכטונג אינ הייכ פאר

דעם אעראָפּלאַן, אבי ניט שטערן דאָס גוט־פילן זיך פון דעם פּאסאזשיר, וואָס שטויסט זיך וועגן גאָרניט.

אין דער אינעווייניקסטער זייט פון דעם „ראָרבאך" ווערט די זאָרג און די אופמערקזאמקייט צום פּאסאזשיר דעמאָנסטרירט אף יעדער שריט און טריט. די קאָנסטרוקציע פון די שטולן, אָט דער הויפּט זיצ־פּלאַץ פונעם לופט־קליענט, איז דערטראכט ביז לעצט. די שטולן זיינען געבויט און פארבויגן אזוי, אז זיי האלטן גרינג אונטער דעם קערפּער אין אלע לאגעס. א גרינ־גער דריי מיטן הענטל פּאסט אוף אין אלע מעגלעכע קאָמבינא־ציעס דאָס געעפנטע פענצטער, דאָס שטארק אָפּגעוואָרפענע שטול־ווענטל, דאָס פוסבענקעלע, דאָס ל דערנע קישעלע.

אין טואלעט־צימער איז א גאנצער קליינער טעמפּל פאר דעם רייכן פּאסאזשיר, וואָס פארגעטערט אזוי יעדן מין קאָמפאָרט. א וואש־טיש, א פלעשקע מיט טואלעט־זאכן, גראפינען, אן אפּאראטל, וואָס דערלאנגט אייך אויטאָמאטיש פּאפּירענע גלעזער, וואָס נאָכן באנוצן קאָן מען זיי דאָ אפן אָרט ארויסווארפן, אָנגעווארעמטע האנטעכער און אנדערע קלייניקייטן אינעם סטיל פון צווישנפעלקערלעכע עקספּרעס־צוגן. נאָר מע דארף זאָגן, אז דער סטיל פאר דעם לופט־טראנספּאָרט אין דייטשלאנד איז א גאנץ באזונדערער און אן אנגענעמענער. די דייטשישע קאָנסטרוקטערס און קינסטלער האָט זיך איינגעגעבן ארייַנפירן א באזונדער הארמאָניע פון ליניעס, ספּעציעל צוגעפּאסט צו אוויאציע. אזוי איז געבויט דער טעמפּלהאָפער לופט־פּאָרט, ווע־מעס געביי און אויסשטאטונג עס זיינען אויסגעהאלטן אין א באזונדערער „לופט"־פּאשטעס, וואָס הייבט זיך אָן פון די גע־וועלבן אין אוויאָ־וואָקזאל—און ענדיקט זיך מיט די אש־בעכערס אף די טישן פונעם בופעט. אלץ האָט־דאָ עפּעס זיין ספּעציפיש־אייגענעם, באזונדערן אויסזען, אלץ גיט צו וויסן וועגן דעם, אז דער מענטש איז געוואָרן א רייזנדער איבער דעם לופט־אָקעאן. אפילע די פאָרם פון די טעלער און גלעזער איז אויס־

געאַרבעט א ספּעציעל אָוויִאַטערישע. שוין איבעריק צו ריידן, אז די מעטאָדישע, קאָנסעקווענטע דײַטשן שטעלן צונויף אויך דעם מעניו אינעם אוויִאָ־רעסטאָראַן לויט א באַזונדערן פּרינציפּ. אפן ערשטן געריכט — א זופּ פון שוואַרצע יאַגעדעס, אפן צווייטן — אַן אָפּגעזאָטענע הון, אפן דריטן — א קאַשע פון מאַנדלען, נאָכדעם — קאָפֿע... אַלץ אָפּהאַלט־געריכטן, וועלכע וועלן דעם פּאַסאַזשיר אין וועג ניט באַאומרויִקן. געוויס, איז דאָס אין אַלגעמיין אַלץ פּוסטער אָנשטעל, פון די אַלע זאַבאָבאָנעס הענגט ווייניק־וואָס אָפּ. נאָר דער אייגנטימער פון א בילעט אין פּאָסט־אַעראָפּלאַן פילט זיך אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט אופמערקזאַמער זאָרגעוודיקײַט פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, דאָס באַזיגט אים, פאַרהיפּנאָטיזירט. די אַרײַנגעשטעקטע אין לאַץ רעקלאַמע־שפּילקע פון „ליופט־האַנזע” טיילט אויס דעם לופט־פּאַסאַזשיר פון אַלע איבעריקע שטערבלעכע — מיט איין וואָרט, א מענטש, וואָס האָט איינמאָל פאַרביטן דעם שנעלן צוג אף דעם אַעראָפּלאַן, ווערט שוין אַן אומזיסטיקער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער דײַטשישער אוויִאַציע, עפּעס אַזויווי א מין מיטגליד פון דעם היגן ניט עקזיסטירנדיקן אוויִאַכעם, וואָס זײַן מיטגליד־געלט האָט ער אָפּגעצאָלט פאַר א גאַנץ יאָר פאַרפריִער.

אַסאַך פּלײַס ווײַזט אַרויס די בירגערלעכע אוויִאַציע אין דער טעכנישער זײַט פון געפאַרלאָזיקײַט. צוליב דעם איז אף דעם דרײַמאָטאָריקן „ראָרבאַך” פאַראַן א מענגע צוגעפּאַסטע זאַכן, צווישן וועלכע איין זאַך וואַרפט זיך אײַך גלײַך אין די אויגן. דאָס איז אַזעלכע ספּעציִעלע קײַלעכיקע ליוקן אין דער סטעליע פונעם אַעראָפּלאַן, פאַרדעקט מיט גרינגע פּלאַסטינקעס פון צעלולאָיִד. אין פאַל פון א געצוווּנגענעם אַראָפּלאָזן זיך, ווען ס'זאָל זיך טרעפן, אז די טיר איז איבער עפּעס א סיבה קאַליע אָדער צעקוועטשט, קאָן מען די צעלולאָיִד־דעקלעך גרינג אַרויסזעצן מיט דער האַנט, מיטן קאָפּ, אָדער אפילע דורכברעכן מיט די פינגער. בא א נויט קאָן מען מיטן פּאַראַשיוט אונטערן אָרעם

ארויס אפ דער איבערדעק און רויִק אראָפּשפּרינגען אראָפּ. די רויִקײַט, איז, פאַרשטייט זיכ, א רעלאַטיווע, ווײַל דעם גראַד פונ אזא רויִקײַט קאָנ אורטיילן דער לייענער אליינ...

„ראָרבאַכ" האָט זיכ שוינ אָבגעריסנ פונ דער ערד. א גרויסער אלטימעטער אינ דער פאָרמ פונ א זייגער געפינט זיכ ספּעציעל אינ דער פּאַסאַזשיר־קאַיוטע — ניט נייטיק צו באַאומרויִקנ דעם אוויִאַטער מיט אָנפראגע־צעטעלעכ וועגנ דער הייכ, ווו מע געפינט זיכ. יעדער פּאַסאַזשיר באַקומט, אכוץ דעמ, אנ אויסגעצייכנט אָפּגעדרוקטע אוויִאָ־מאַפּע אינ א לענטע־פאָרמ, מיט באַצייכענונגענ פונ דעמ אעראָפּלאַנ־מאַרשרוט — א פאַרייִנפאַכטע קאָפּיע פונ דערזעלבער מאַפּע, וואָס ליגט פאַר דעמ אוויִאַטער. דער פּאַסאַזשיר האָט א מעגלעכקײַט אָנטייל צו נעמענ מיט טאָלק אינ דעם פלי־רייס, צו יעדער מינוט וויסנ, ווו מע האַלט אינ דער הייכ, נאָכפאָלגנדיק לויט דער מאַפּע איבער די דורכגעגאַנגענע פּונקטנ, און פינקטלעכ זיכ פאַנאַנדערקלײַבנ אינ דער לאַנדשאַפט־פּאַנאָראַמע, וואָס שפּרייט זיכ אונטער אימ. דאָס, פאַרשטייט זיכ, מאַכט וואָגיקער דעמ אײַנדרוק פונעמ פלי־רייס.

נאָר כוץ אָט דעמ אלעמענ...— איז ניטאָ גאָרניט אזוינס, וואָס זאָל אוועקשטעלנ דעמ „ראָרבאַכ" מיט עפּעס וואָס העכער פונ דעמ „אנט—9". די אלע אנגענעמענע באַפּוצ־דעטאַלנ, ווענ מע פאַטערט אפ זיי 200 רובל, וואָלט מענ זיי געקאָנט צוגעבנ צו די „ראַטנ־פליגל". דער אלטימעטער, די ליוקנ און דאָס איבעריקע וואָלט אויכ געקאָסט אנערעכ ניט מער. מער איז גאָרניט ניטאָ וואָס איבערצונעמענ פאַר דעמ אונדזעריקנ אעראָפּלאַנ באַמ דײַטשישנ. אפילע גאָר פאַרקערט,— נאָר דאָס איז קלאָר געוואָרנ ערשט שפּעטער...

אונדזער רייס געדויערט ארומ א שאָ צוויי. מיר גייענ אפ צאָפנ־מײַרעוו, אינ דער ריכטונג פונ יאַמ־פאָרט ליובעק. מיר שנײַדנ איבער אינדערהייכ דאָס געוועזענע פירסטנטומ מעקלענבורג־שווערינ, מיר טראָגנ זיכ דורכ שטאַרק נידעריק איבער

זײַנע הויפּטשטאָט מעקלענבורג; זײער קאָמיש־פּיקאַנט זעט אויס פונדערהײך דאָס אינדזל אױף דער אָזערע מיטן דעם פירשטנ־פּאַלאַץ. די אײַנוווינער זײַנען האָבן מיסטאָמע גערעכנט זײער אָרט, פון יענער זײַט שטײנערנע וועגט און אופגעהויבענע בריקן אױף ריגלען, פאַר ניט צוטריטלעכס, און איצט איז געבויט אײן באָמבע, מע זאָל אַראָפּטראָגן אָט די גאַנצע פעסטונג, וואָס זעט אויס ווי א שפּילעכל.

אונטערקומענדיק צו ליובעק, קערעווען מיר אָפּ אױף רעכטס צו טראַוועמיונדע — צום ציל פון אונדזער הײַנטיקן רײַד. דאָ איז א לופט־יאַמישער פּאָרט, א טראַנזיט־פּונקט פון דער לופט־ליניע בער־לין — סטאָקהאָלם.

פונפּאָרט, באַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין דעם פּילאָטן־אָפּטײל, געפינט זיך א קלײנע אופנעמ־ און טראַנסלירן־ראַדיאָ־סטאַנציע. א מענטש מיט טרײַבלעך אױף די אויערן, א ראַדיסט, פירט א סיס־טעמאַטישן פאַרקער לויט עטלעכע אַדרעסן מיט דער ערד. ס׳שווימט אוף א געדאַנק, וואָס זעט אונדז אַלײן אויס פאַנטאַס־טיש — זיך פאַרבינדן דורך דער ראַדיאָ מיט מאָסקווע, מיט דער רעדאַקציע פון „פּראַוודאַ“, „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ“. דאָס רופט ניט אַרויס קײן באַזונדערע פאַרווונדערונג בײַ דעם שוויַיגנדיקן פאַר־שטײער פון פּאָסט־ און טעלעגראַף־דעפּאַרטאַמענט. ער דערלאַנגט אײַך א בלאַנק, פונקט אַזוי ווי אינעם הויפּט־טעלעגראַף אױף טווער־סקאַיאַ. א געוויסע שוועריקײַט רופט אַרויס דער שווערלעכער אויסלײג פון רוסישע ווערטער מיט לאַטײנישע בוכשטאַבן. נאָר אין א מינוט אַרום גײען אָפּ אונדזערע טעלעגראַמעס אינעם לופט־רוים.

א גלאַטער אַראָפּלאָז — און מיר שטײען שוין אױף דעם אַעראָ־דראָם־פּלאַץ פון טראַוועמיונדע. דאָס איז א פאַרקלענערטע קאָ־פּיע פון טעמפּלהאָף, אויך אַזוי אויסגעפּוצט און שטרענג צוגע־קליבן. דאָ פאַרשטאַרקט זיך נאָך דער עפעקט אַדאַנק דעם יאַם. די אַנגאַרן און דאָקן זײַנען פאַרבונדן צווישן זיך אין אײן סיס־טעם, און מענטשן טראָגן זיך דאָרט אום הין און צוריק, ענלע־

כע אײנצײַטיק אפ יאמלײַט, אוויִאטערס און מעטאליסטן־ארבע־
טער. אין טראוועמיונדע זײַנען גרויסע אוויִאָ־ווארשטאטן און
ביז גאָר מעכטיקע אנגארן. אזעלכע איז מיסטאמ ניטאָ אין גאנצ
אײראָפּע. עפשער נאָר אין פרידריכסהאפן, וואָס פון דאָרט האָט
מען ארויסגעלאָזט דעמ באַרימטן „דאָ־איקס"—א צוועלפמאָטאָרי־
קער ערעאָפּלאן אפ הונדערט פאסאזשירן.

טראוועמיונדע האָט זיך זײַן ספּעציִאליטעט. דאָ הערשט ראָר־
באך, וואָס האָט געבויט דעמ ערעאַפּלאן, מיט וועלכן מיר זײַ־
נען געקומען צו פליִען, איצט דער גרעסטער קאָנסטרוקטער און
אוויִאָ־פאבריקאנט. די ספּעציִאליטעט פון טראוועמיונדער פאָרט—
דאָס איז מעכטיק־גרויסע הידראָ־ערעאָפּלאנען, ריכטיקער—פליִענ־
דיקע שיפן. א געוויינלעכער הידראָ־ערעאָפּלאן האָט פליס־שווימ־
שיך. נאָר דידאָזיקע באוואָרעניש רעכענען די דײַטשן פאר צו
דעליקאט. אפ איר קאָן מען ניט אוועקשטעלן קײן שטארק
גרויסע אפּאראטן. מיט שווימ־שיך איז געפערלעך זיך אוועקלאָזן
אין א שארפן וועטער. די פליִענדיקע שיפ שטעלט מיט זיך פאָר
א קליינע יאכטע, וואָס ליגט מיט דעמ גאנצן קיל אפן וואסער.
פון ביידע זײַטן שיפ—אפ דער הייך פון איר אייבערשטער דעק—
גרויסע פליגל. פונפאָרנט—די מאָטאָרן. אלצדינג אינאיינעם גע־
נומען—איז א טריִומפ פון טעכנישער פאשטעס און קראפט. אראָפּ־
זעצנדיק זיך, אָדער אופהייבנדיק זיך פונעמ וואסער, שוועבט,
גליטשט זיך די שיפ איבער דעמ יאמ, איבערן פלאך, מיטן
גאנצן קאָרפוס—זי געפינט זיך אין דער לאגע פון יעדער יאמ־שיפ.

מיר גייען ארײַן אינעווייניק אין דער סאמע גרעסטער פלי־
שיפ. אלע הייסן זיי „ראָמאר" („ראָרבאך־מארינ"). איר האָט דאָ
א גאנצן „אנשטאלט". צוויי גרויסע פאסאזשיר־קאיוטעס, שלאָפ־
פלעצער, א באזונדער קובריק פאר בענזין, א גרויסע מאשינ־
אָפּטיילונג. דידאָזיקע גאנצע פליִענדיקע מאכינע האָט 37 מעטער
אינדערלענג, 18 טאָן וואָג... האָבנדיק אזא וואָג, זעצט זי זיך
פונדעסטוועגן גלאט אראָפּ אפ דעמ שטורעמדיקן יאמ. זשול־

ווערנס ראָמאַנען האָבן באַקומען זייער פאַרקערפּערונג אין אָט דעם זעלטן־ווונדערלעכן שיפ־געביי, וואָס איז צוגעפאַסט פאַר פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע רייזעס אין דער טיפ פון די סאַמע אומבאַוווּסטע לענדער און יאַמען. נאָר ווער ווייסט—צי וועלן זיך ניט פאַרקערפּערן אינגיכן אויך אי. אועלס ראָמאַנען, אין וועלכע עס ווערן באַשריבן בלוט־דאָרשטיקע אַלץ רויִנירנדיקע מילכאָמעס אינדערלופטן. דעמאָלט וועט „ראָמאַר" מיטאַמאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיקן וויאָ־יאַמישן באָמבע־טרעגער מיט אַ גיגאַנטישער ווירקונג...

דאָס באַקוקן אַלע טעכנישע ווונדער־זאַכן פון טראַוועמיונדע געדויערט עטלעכע שאָ. נאָכדעם גיבן זיך ביידע פייגל אַ הייב צוריק אין וועג אַריין קיין בערלין. אין די צווישנמינוטן ריידן מיט אונדז מיט אַ גאַנץ צערודערטן געמיט די אויסלענדער, וואָס זיינען געפלויגן אַף אונדזער „אַנט—9". ס'האָבן זיך באַ זיי צעבונדן די צונגען. אַנשטאָט אַלגעמיינע ליידיק־אויסגעדראָשענע העפלעכקייטן, הערן מיר לעבעדיקע פראַגעס. די דייטשישע ספּעציאַליסטן מעלדן אָפן, אַז די פלי־מיילעס פון די „ראַטן־פליגל" זיינען פאַר זיי אַן אומדערוואַרטע זאַך. אינדערעמעסן ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די מאָטאָר־גרופּע „ראָרבאַך" איז קימאַט מיט הונדערט פערדקראַפט שטאַרקער, ווי אַף אונדזער עראָפּלאַן, האָט אונדזערער באַוויזן אַ גרעסערע שנעלקייט, ווי דער דייטשישער: ביידע מאָל, אַהער און צוריק, האָט ער זיך אופגעהויבן שפּעטער און זיך אַראָפּגעזעצט פריִער, באַוויזן אַ רויִקן גאַנג, ווייכע פאַרקערעווע־באַוועגונגען און אַ גאַנצע ריי אַנדערע מיילעס, וואָס שטעלן אים אַוועק גלייך, און אין אייניקע פּראַטים אַפילע העכער פונעם באַרימטן „ראָרבאַך", וואָס איז באַ דער דייטשישער אַוויִאַציע פאַרעכנט באַ היינטיקן טאָג פאַר איר בעסטער דערגרייכונג.

די קאָמפּלימענטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט נאָר אין הויכע רייד. שוין דעמזעלבן טאָג האָבן אָוונט־צייטונגען שנעל צע־

פויקט דאָס נײַס וועגן די גרויסע מײַלעס פון דעם סאָוועטישן
עראָפּלאַן. אַלס באַווײַז, אַז די אָפּשאַצונג זייערע איז אַ באַ־
רעכטיקטע, האָט די פּרעסע געבראַכט אַ שמועס מיט אַ דײַ־
טשישן פּילאָט, וואָס גראָמאָוו האָט אים אָפּגעטראָטן אַף אַ שאָ
די אָנפירונג מיט די „ראַטן־פליגל”. דער דײַטשישער פּילאָט האָט
פולקאָם באַשטעטיקט די אויסערגעוויינלעכע מײַלעס פון „אַנט—9”.

ניט אַזוי גרינג איז זיך צו דערשלאָגן אַזאַ אָנערקענונג אין
דײַטשלאַנד. דײַטשן זײַנען זייער העפלעך צו אַלערליי געסט,
נאָר נאָך מער זײַנען זיי אײַפערזיכטיק צו די דערפאָלגן פון
פרעמדער טעכניק. דײַטשלאַנד פירט דורך אַ מעכטיק־גרויסע
אַרבעט אַף די לופט־אָקעאַנען. דער ווערסאַלער שאָלעם האָט בײַ
איר אָפּגענומען די רעכט אַף מיליטערישער אוויִאַציע — האָט זי
די גאַנצע ענערגיע אירע, אַלע קויכעס, קאַפּיטאַלן, שטרעבונ־
גען, אָנגעווענדעט אַף דער בירגערלעכער אוויִאַציע. פון אַלע
אייראָפּייִשע בירגערלעכע לופט־פלאָטן איז דער דײַטשישער
דער סאַמע מעכטיקסטער, דער סאַמע פאָרשריטלעכסטער, דער
סאַמע גוט־אײַנגעאָרדנטער און אָרגאַניזירטער. ביז דאָ ניט לאַנג
איז ער נאָך געווען דער ערשטער אַף דער גאַנצער וועלט. נאָר
אַמעריקע האָט זיך בליציק־פלינק אַרײַנגעמישט אין דעם לופט־
געווער, אַ קוועטש געטאָן מיט אירע קאַפּיטאַלן און אַרויסגע־
שפּרונגען אַפצופריִער. וועגן אָט דעם דרוק קאָן מען אורטיילן
פון די ציפערן וועגן די געלט־סומען, וואָס זי האָט אַף דעם
אַוועקגעלייגט: דער גרונט־קאַפּיטאַל פון „ליופט־האַנזע” (די הויפּט־
אָרגאַניזאַציע פונעם דײַטשישן קאַפּיטאַל) באַשטייט פון 25 מיליאָן
מאַרק, און בײַ דער ענלעכער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט באַ־
טרעפט ער 125 מיליאָן דאָלאַרן (אַ דאָלאַר איז 4 מאַרק). אין
אַלע לענדער איז די בירגערלעכע אוויִאַציע אַ שאַרף־דעפיציטע.
דײַטשלאַנד האָט זיך אײַנגעגעבן פאַרקלענערן דעם דעפיציט ביז
63 פּראָצענט פונעם אומזאַץ־קאַפּיטאַל, די איבעריקע 37 פּראָצענט
דעקן די אָפּצאָלונגען פון די פּאַסאַזשירן און פראַכטן. אין

אנדערע לענדער איז דער פּראָצענט פונעם דעפיציט נאָך פיל גרעסער — ער דערגרייכט ביז 80 פּראָצענט. נאָר פארשטייט זיך, אז דאָס שטעלט קיינעם ניט אָפּ. די רעגירונגען דעקן אָן שום וואקלעניש די דעפיציטן פון די זאוואָדן און לופט-בויערישע פאריייניקונגען. דאָס איז דאָך אין א ניט-פאנאנדערגעוויקלטער, לעגאַל-פארשטעלטער פאָרם די קינפטיקע מיליטערישע באזעס. אונטער דער בירגערלעכער אוויִאציע, אונטער דער אויסערלעכער זאָרגעוודיקייט וועגן די באקוועמלעכקייטן פון דעם „ציווילן" פאסאזשיר, איז פארבאָרגן די ערנסטע זאָרגעוודיקייט וועגן די רעסורסן פון דער קינפטיקער לופט-מילכאָמע. צוליב דעם בויען זיך אזוי שטורמיש לופט-גיגאנטן, פליִענדיקע שיפן, שווימענדיקע עראָפּלאנען.

אונדזער אוויִאציע האָט אויך, פארשטייט זיך, אינזינען די צילן פון פארטיידיקונג. אונדז איז שווער זיך צו פארגלייכן מיט די מעגלעכקייטן פון די אמעריקאנישע און דייטשישע קאפיטאלן. יעדערער האָט זיך זיינס. נאָר... אז מע זאָל בארעכענען די מאסשטאבן, פארגלייכן די דינאמיק פון וווקס — איז אונדזער אוויִאציע העכער ווי אומעטום. ציפערן ריידן... נאָר וואָס איז דאָרט ציפערן... מיט דריי יאָר צוריק האָט אונדזער גראָמאָוו געמאכט א פלי איבער אייראָפּע אף אן עראָפּלאן, וואָס די מאָסקווער מעטאליסטן האָבן געמאכט מיט די הוילע הענט אין א געביידע פון א געוועזענעם טראקטיר. אז מע האָט גענומען צופּעסטיקן דעם עק, האָט ניט געסטייעט קיין אָרט אין דער געביידע, מע האָט געמוזט צענעמען דאָס הילצערנע טראקטיר-ווענטל... און נישקאָשע — ער איז גוט געפלויגן. און איצט האָבן מיר צוגעסמאליעט אף אן אפאראט, וואָס די דייטשן אליין וואָלטן אים אצינד גערן אנערקענט פאר א קינד פון דער אייגענער אינדוסטריע. מיר שטעלן גרויסע שפאן, אויב ניט שטענדיק מיט דער געוווּנטשענער שנעלקייט, דערפאר אָבער מיט אונדזער אייגענעם וועג.

# פינף שאָ מיט א האלבער

נאָך און נאָך... מע שטופּט אונדז אין די הענט אריַין שמאָכטעס „פאר אַן אָנדענק״ — קליינינטשקע אעראָפּלאַן־מאָדעלן, זשעטאָנעס, אַלבאָמלעך, — מע גיט אונדז פאָטאָגראַפישע רעפּראָדוקציעס, פּראָספּעקטן, אוויאַ־קאַרטעס. מע ברענגט אונדז פאָטאָגראַפישע פּאָרטרעטן, וואָס מע האָט געמאכט פאר דער ציַיט, וואָס מיר געפינען זיך אין בערלין. מע צעטיילט אונדז פּאַקעטלעך מיט פּאַרפומירטער וואַטע אַפּ פאַרשטעקן די אויערן. און ספּעציעלע פּילן — א מין באַזונדער נאַשעריַי פאַר לופט־פּאַסאַזשירן, — און א שריפטלעכן דאַנק־בריוו דערפאַר, וואָס מיר האָבן באַזוכט עפּעס אַן אַנשטאַלט. מיר גייען ארויס אַפן היפּאָדראָם־פּלאַץ צו דער פלי־מאַשין. ווידעראַמאָל פאַרשטייער פונעם אויסערן־מיניסטעריום, פון דעם מיניסטעריום פון וועג־ און פאַרקער־איניאַנים, און „ליופט־האַנזע״ און „דערוליופט״. ווידעראַמאָל באַגריסונגען, ווינטשונגען, ס׳זאָל זיַין א גליקלעכע רײַזע, און מעלדונגען וועגן פעסטער זיכערקייַט אין דער קינפטיקער פרוכטבאַרער געמיינזאַמער אַרבעט.

אין וואָס קאָן באַשטיין די קינפטיקע געמיינזאַמע אַרבעט, וואָס דאָס דערוואַרטן אַפּ איר פאַרגרעסערט אַזוי דעם שטראָם פון קאָמפּלימענטן, און ווייכינקע פּילן, און זשעטאָנעס, און דריקן די הענט?

דער שאַרפער קאַמף פאַר די וועלט־וועגן אין דער לופט האָט שוין דורכגעמאַכט זייַנע קאָנספּישע פאַרבאָרגענע פאָרמעס און האָט אָנגעהויבן האַנדלען אָפן פאר אַלעמען. דער פראַנצויזיש־אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל ווערט דער הערשער איבער די לופט־פאַרקער־וועגן דורך דער אַטלאַנטיק. עמעס, פאַקטיש האָט דאָ די

אויבערהאנט דער אָנטייל פון די דײַטשן. זיי, די דײַטשן, בויען אופ אינ זייערע זאוואָדנ גיגאנטישע אָקעאנישע דיריזשאבלען, מעכטיקע צוואנציק־מאָטאָריקע פלי־מאשינעס—אונ גיבנ זיי אָפ די אמעריקאנער. דײַטשלאנד איז די טעכנישע באזע פונ דער אוויִאָ־בויונג פונ די פײַנטלעכע צו איר לענדער. ס'איז מעשונע־מאָדנע, ווילד, נאָר דאָס איז די לאָגיק פונ די נאָכמילכאָמישע באציִונגענ צווישנ די זיג־לענדער מיט די באזיגטע.

ענגלאנד האָט זיכ ספעציִאליזירט אפ דער עקספלואטאציע פונ די לופט־וועגנ קיינ אינדיע אונ אינ די ווײַטמיזרעכדיקע קאָלאָניעס, וואָס ציִענ זיכ געדרייט אונ אפ ארומ אונ ארומ דורכ פאָרט־סאיִד אונ דעמ רויטנ יאמ. דאָ האָט זי ניט קיינ קעגנ־פרעטענדענטנ אונ ניט קיינ קאָנקורענטנ, נאָר דער מארשרוט אליינ, א זיגזאגישער, וואָס פאָדערט זיכ איבערזעצנ פונ הידראָ־ערעאָפלאנענ אפ געוויינלעכע ערעאָפלאנענ, איז זייער א קאָמפליצירטער.

בלײַבט דער סאמע נאטירלעכסטער, סאמע גלײַכסטער אונ סאמע באקוועמער וועג פונ מײַרעוו־אייראָפע צומ ווײַטנ מיזרעכ—דער וועג דורכ פסר"ר—פאריזש—פעקינ, פאר פיר מעסלעס,—וואָס קאָנ נאָכ זײַנ שנעלער אונ צוציִענדיקער! אָט טאקע אפ דער ליניע האָבנ א לײַדנשאפטלעכנ באגער זיכ אײַנצופונדעוועג די דײַטשישע אוויִאָ־אָרגאניזאציעס. וואָס איז דאָ פאראנ צו ריידנ—אנ אופגאבע איז דאָס א גרויסע, א בעקאָוועדיקע אונ אינגאנצנ אינ די מעגלעכקײַטנ פונ דער דײַטשישער טעכניק. געשעפטס־לײַט קוקנ באשטענדיק פאָרויס, אונ די דײַטשישע קאָמפלימענטנ האָבנ אונטער זיכ א וואָגיקנ אונטערגרונט.

נאָר אכוץ אָפיציעלע ארויסבאלייט־צערעמאָניעס האָבנ מיר היינט ניט־קיינ־אָפיציִעלע באלייטערס אויכ. דאָס איז באזונדערס פריידיק. עטלעכע טויזנט ארבעטער זײַנענ געקומענ מיט רויטע פאָנענ ארויסבאלייטנ דעמ סאָוועטישנ ערעאָפלאנ אונ האָבנ זיכ אויסגעשטעלט ארומ דעמ באריער. די מאטאָנע איז נאָכ בא־

זונדערס טײַער דערמיט, וואָס צונויפקלײַבן זיך אין אזא מאסע אצינד, האַלב צוויי באטאָג, ווען די פאבריקן און קאָנטאָרן, און דאָס אויך ווײַט ניט אַלע, מאכן אן איבעררײַס אפ אייג האַלבער שאָ — דאָס איז א גרויסער קאָרבן מיצאד די בערלינער פּראָלע־טאריער. וויפל שטראָפן, אויסריידן און מעגלעך אויך אָפּזאָגן פון דער ארבעט ווען זיך א שאָט טון אפ די קעפּ פון און־דזערע פרײַנט, וואָס זײַנען נאָר געקומען א קוק טון און א מאך טון אונדז מיט א טיכעלע באם געזעגענען זיך!.

איינס מיט דרײַ און דרײַסיק מינוט, — און מיר זײַנען שוין אינדערהייך איבער בערלין. נאָך עטלעכע רעגעס — און פון דער דײַטשישער הויפּטשטאָט דערמאנען נאָר די בוקעטן פון רויטע קווייטן, וואָס מע האָט אונדז געבראכט צו טראָגן אין אע־ראָפּלאן.

אין דער קאבינע איז א טראָפּישע אטמאָספער — גאנץ איירא־פּע ווערט דערשטיקט די טעג פון א שרעקלעכער היץ, און אפ דער הייך פון א האַלבן קילאָמעטער פון דער ערד קאָן מען נאָך ניט דערלאנגען צו קיין קילבלעכער לופט. מע האָט שוין אראָפּ־געוואָרפן פון זיך די רעקלעך, די זשילעטן, די שיך. די, וואָס האָבן ניט אײַנגעדרימלט, ברענגען בארוט אין אָרדענונג זייערע געשעפטן, פארצייכענונגען, סומירן אין קאָפּ די אײַנדרוקן פון בערלין. אין קאיוטע איז א צושטאנד פון דער מאָסקווער רע־דאקציע אין יענער אײַנגעשטילטער שאָ, ווען די באטאָגיקע באזוכער האָבן זיך שוין אויסגענומען און די פארנאכטיקע טע־לעגראמעס האָבן נאָך ניט אָנגעהויבן גיין.

פון די גרעסערע שטעט פליִען מיר נאָענט דורך נאָר איבער פראנקפורט־אפ־מײַן. פון די פאבריק־קוימענס שלאָגט א רויך, עס יאָגן שנעל־צוגן, נאָר אפ די גאסן איז קימאט ניטאָ קיין שום באוועגונג. ווײַזט אויס, אז די היץ פילט זיך דאָ אויך שטארק.

ניט געקוקט אפ „בייזע״ נעוויִעס, וואָס מיר האָבן אויסגעע־הערט אין בערלין, גייט הײַנט צו אָן „וואָרפעניש״, און דערי־

בער פליט די צײַט נאָכ שנעלער פונעמ „אנט—9" אלײנ. אָט איז שוינ דער רײנ, אונ אָט טראָגנ מיר זיכ שוינ איבער פראנקרײַכ.

אינגיכנ װעלנ שוינ קינדער דורכגײנ געאָגראפיע אָנשױלעכ, גלײַכ פונ דעמ עראָפּלאנ. ניטאָ קײנ מער בוילעטע, אָנשױלעכע, איבערצײַגנדיקע, װי די רעליעף־קלאָרע, אינ נאטורעלע פארבנ אויסגעפארבטע לעבעדיקע מאפּע. זי טויג אי פאר עקאָנאָמיק, אי פאר פּאָליטיק, אי פאר געשיכטע. דער רוסישער אויסדרוק— קוקנ, באנעמענ א זאכ „פונ א פײגלפלי̇ערישער הײכ",— װאָס פרי̇ער האָט דאָס געמײנט עפּעס זײער אויבערפלאכיקס אונ נישטיקס, באקומט אצינדערט א נײַעמ ערנסטנ אונ ברײטנ געשעפטלעכ־פאקטישנ באטײַט. מיר רײדנ שוינ ניט װעגנ די פלי̇ערס, װאָס נעמענ אראָפּ מיט דער הילפ פונ עראָ־פאָטאָ־אָפּצוגנ די סאמע פּינקטלעכע, אומבאשטרײַטיקע פּלענער אונ קארטעס. מיר רײדנ ניט פונ די מיליטערישע יאמ־עראָפּלאנענ, פונ װעלכע מע קאָנ אָנ שומ טאָעס דערזענ די אונטערװאסער־שיפנ, װאָס ניט קײנ קרײסער אונ ניט קײנ ליני־שיפּ קאָנ זײ ניט זענ. נאָר אפילע דעמ געװײנלעכנ אויג זאָגט דענ װײניקער אָט דער אָנשױלעכער קאָנטראסט צװישנ דעמ פּײזאזש פונ דער באזיגטער דײַטשלאנד,—אנ אומענדלעכ פעלד, װאָס איטלעכער מעטער באזונדער איז אפּ דעמ פלײַסיק באארבעט,—אונ צװישנ דעמ לאנד פונ די באזיגער, װוּ אלצ איז אָרעמער, אָפּגעלאָזענער אונ פארלאָזענער. אלצדינג באװײַזט, אפּ קלענערער אינטעסיװקײַט פונ ארבעט, אפּ װײניקער װילנ צו רעקאָנסטרוקציע, אפּ װײניקער קאָנצענטרירטקײַט פונ ענערגיע, פּלאנ, אָרגאניזאציע.

אינ װאָס יאָ פראנקרײַכ שטײט ניט נידעריקער אונ שטײַגט נאָכ אפילע איבער דײַטשלאנד—דאָס איז אינ װעגבױערישער טעטיקײַט. אינ די פּראָװינציאלישע װעגנ, באזונדערס, װענ מע דערלאנגט זײ אײַכ אינ אזא גרויסער צאָל, װי מע דערזעט פונ עראָפּלאנ, קאָנ מענ זיכ מאמעש אײַנליבנ! אלציינס גוט זײַנענ סײַ די הויפּט־מאגיסטראלנ— שװארצע לענטעס, אבסאָליוט־גלאטע

גלאַנציקע, ווי פּאַקעט, סײַ די בײַ־וועגנ פונ דאָרפ צו דאָרפ — אַנ אויסגעצייכנטער שמאָלער ווײַסער שאָסיי, וואָס ס'וואָלט גאָרניט שלעכט געווענ, ווענ מיר האָבנ אַזעלעכס אפנ אָרט פונ די מאָסקווער ברוקירטע גאַסנ. איבער גאַנצ פראַנקרײַכ, אונ דאָסזעלבע איבער גאַנצ אייראָפּע, קאָנ מענ פונ עק ביז עק דורכפאָרנ אפ אַ געגאָסענעמ אַספאַלט־וועג... ניינ, איכ וועל זענ ניט דורכלאָזנ דעמ אָרדנטלעכנ אָפּצאָל אפ דעמ מיטגליד־בילעט פונ „אַווטאָדאָר”!

ווײַטער ווערט די נעבעכדיקײַט פונ די געבײַען אונ דער גאַנצער באַשיידענער אויסזענ פונ דער דאָרפישער לאַנדווירטשאַפט קאָמפּענסירט מיט דער זעלטענער בילדשיינקײַט פונעמ אַרומיקנ לאַנדשאַפט. די גאַנצע שטרעקע ביזנ האָריזאָנט זעט אויס, ווי איינ גאַנצער פרוכטגאָרטנ מיט מיניאַטיורע קאָקעטישע געבײַען, ווערדלעכ, בערגלעכ, אַלייעלעכ. אַהער אונ אַהינ לויפנ דאָרט אומ עקיפּאַזשנ. דאָס אַלצ איז שוינ ניט ענלעכ אפ קיינ דאָרפ, נאָר אפ די ברייט־פּאַנאַנדערגעשפּרייטע זומער־וווינונגענ, וואָס אַרומ פּאַריזש. אייגנטלעכ, איז דאָס טאַקע אַזוי. דאָס פויערטום פונ אַרומ דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט איז בלוטיקענג פאַרבונדנ מיט דער שטאָט. שווער צו באַשטימענ די פּינקטלעכע סאָציאַלע קאַטעגאָריע פונ יעדנ באַזונדער צווישנ אָט די אַלע פּאַרשוינענ, וואָס פּאָרקענ זיכ דאָרט פונונטנ אפ די קלייניטשקע פערמעס. דאָס זײַנענ אי רײַכ־געוואָרענע אַרבעטער, אי צושטעלער פונ גאָרטנוואַרג, אי אייגנטימער פונ זומער־וווינונגענ, אי קליינע פּריצימלעכ, וואָס באַנוצנ גאַנצ אינטענסיוו געדונגענע אַרבעט־קראַפט. זיי אַלע שפּײַזנ פּאַריזש אונ שפּײַזנ זיכ פונ אימ. דאָס גייט אַלצ אַרײַנ אינ לעבנס־קרײַז פונ דער גראַנדיעזער שטאָט. אונ אָט איז זי אַליינ. פינפ שאָ מיט צוואַנציק מינוט איז געגאַנ דער „אַנט—9” פונ בערלינ.

דער אַעראָדראָמ לע־בורזשע — איז דער סאַמע עלטסטער אינ אייראָפּע אונ אינ דער גאַנצער וועלט. פונ דעמ אַעראָדראָמ האָבנ

זיך אופגעהויבן אַף זייערע פלי־מאַשינעס די סאַמע ערשטע לופט־באַזיגער. איבער אים איז מיט צוואַנציק יאָר צוריק אומגעפלויגן דער אומדערשרעקלעכער לאַטאַם אַף זײַנע שוואַכינקע געבײַעלע פון דינעם לײַוונט און באַמבוקענע שטעקלעך, איבערגעבונדענע מיט סטרונעס פון אַ פּאָרטעפּיאַן. פון אים האָט זיך אופגעהויבן בלעריאָ אין זײַנע היסטאָרישע פלי־רייס איבער דעם לאַמאַנש.

נאָר דערדאָזיקער אַעראָדראָם קאָן דינען אַלס די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם טעכנישן טעמפּעראַמענט פון די דײַטשן. אין פאַרגלײַך מיט דעם טעמפּלהאָף זעט דאָ, אין לע־בורזשע, אַלצדינג אויס אָרעם און נעבעכדיק־קליינלעך. ווייניק לופט־שיפן, אַן אָנעמיש־שוואַך געבײַעלע פון דער קאָנטאָר און פון דער טאַמאָזשנע. אַלץ זעט אויס ווי אַראָפּגעזעצט צו דער ערד, פאַרעלטערט, שמוציקלעך. נאָר דערדאָזיקער אײַנדרוק בײַטיקט זיך אין אַ געוויסער קליינער באַמערקונג. דידאָזיקע באַמערקונג געפינט זיך אָן־דאָרט רעכטס, וווּ ס'איז די אָפּגעצאַמטע, מער פאַרבאָרגענע מיליטערישע אַוויאַזאָנע ווילאַ־קובלע. דער פראַנצויזישער מיליטערישער לופט־פלאָט איז דער סאַמע גרעסטער, סאַמע מעכטיקסטער און סאַמע גוט־אויסגעשטאַטער אין דער גאַנצער וועלט. די דײַטשן וואָלטן געגרן אָפּגעגעבן אין איין מינוט די גאַנצע פראַנטישע אויסגעפּוצטקײַט פון דעם ציווילן טעמפּלהאָף אַלס בײַט פאַר אָט דעם סוידעסדיק־פאַרשטעלטן ווילאַ־קובלע. נאָר וועגן אַזעלכע שפּאַסערײַען קאָן אפילע קיין רייד ניט זײַן. אפילע דער מינדסטער פּרוּוו, אפילע נאָר דער געדאַנק וועגן דעם, אַז די דײַטשן זאָלן פּרוּוון זיך וועלן אויסגלײַכן מיט די פראַנצויזן אין דעם געביט, וואָלט געווען באַשטראָפט, ווי די געפערלעכסטע אַפּיקאָרסעס.

...לאָזט זיך אויס, אַז דאָ האָט מען אונדז אויך פאַרגרייט אַ באַגעגעניש, אפילע אויב איר ווילט, אַ פּאַראַד. אַ פּאַראַד פון אַלע מינים געווער פון דער פראַנצויזישער פּאָליציי.

פריִער פונ אלצ — אָט די אימפּאָזאנטע דעקאָראטיוו־שיינע גווארדייער, אנערעכ דאָסזעלבע, ווי „אונדזערע" צארישע זשאנדארמענ.

וויַטער — א מענטשנ הונדערט אזשאנענ. זיי זיַינענ אדעקוואט צו די ראסייִשע גאָראָדאָוואָיענ. נאָר אנשטאָט דעמ אומגעלומפּערטנ הערינג־שווערד אונ דעמ גרויסנ רעוואָלווער בא דער זיַיט הענגענ בא דער צוליב אונדזער קאָוועד וועגנ אויסגעשטעלטער ערנ־וואכ דעליקאטע וויַיסע רעזינענע שטעקלעכ. דער־דאָזיקער כייפּעצ איז טאקע אינדערעמעסנ זייער א היגיִענישער. ער צעהאקט אייַכ די הויט אפנ קאָפּ — אונ מער גאָרניט. קיינ שומ זאכנ.

אונ צומ סאָפּ א מענטשנ צוועלפ שפּיקעס, אָנגעטאָנ אינ א זומערדיקער פאָרמע. ביז מיַיַ טראָגט דער שפּיק א הארטנ הוט, נאָכדעמ פארביַיט ער אימ אפ א שטרויענ פלאטשעכיק טעלער־קאנאָטיע. די איבעריקע באקליידונג איז א קראגנ פונ צעללולאָיִד, א מעשונע גרויסע שפּילקע, אריַינגעשטעקט אינעמ שמוציקנ קראגנ אונ א מעשנ זייגער־קייטל אפ דעמ בויכ — פאר אלע סעזאָנענ.

אויב זיכ אויסדריקנ דיפּלאָמאטיש, האָבנ די אינפאָרמירטע קריַיזנ זיכ אָנגעפרעגט בא די אווטאָריטעטע קוועלנ וועגנ דער סיבע פונ אזא אייגנארטיקנ אָרגאניזירנ די באגעגעניש פונ די סאָוועטישע געסט. אונ די אווטאָריטעטע קוועלנ האָבנ געענטפערט די אינפאָרמירטע קריַיזנ, אז דערדאָזיקער פאראד איז געווענ אָרגאניזירט צוליב פארטיידיקנ די צופליִענ־געקומענע אפנ פאל פונ פיַינטלעכע דעמאָנסטראציעס.

ס'הייבט זיכ אָנ א לאנגע פּראָצעדור מיט באקומענ די פּעסער מיט די זאכנ, א פּראָצעדור, פונ וועלכער מע האָט אונדז לאכלוטנ געלאָזט צורו אינ בערלינ. די פאָטאָגראפיעס אפ די פּעסער פארגליַיכט מענ מיט די פאָטאָגראפיעס, וואָס מע האָט צוגעשיקט פונ מאָסקווע, פונ פראנצויזישנ קאָנסולאט. נאָכ גוט, וואָס מיר האָבנ ניט געפרווט ריזיקירנ אונ האָבנ ניט אריַינגערוקט אינ מאָסקווע אינ אעראָפּלאנ אריַינ אפנ אָרט פונ דעמ יוגנט־

לעבן באַברישעוו פון „קאָמאָסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ פעליקס קאָנען פון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“. אונדזער שווינדל וואָלט געווען טייקעף אויפגעדעקט!..

די זאַכן און די פּאַפּירן טרייסלט מען איבער אַף דעם אופמערקזאַמסטן אויפן, דערבײַ בלײַבט ניט געהיימניספול און אײן אייגנבליק יעפּימאָוו אַן אַלבאָם מיט צייכענונגען, וואָס איז געלעגן באַם קינסטלער אַף די קני ביז דעם לעצטן מאָמענט פונעם אַראָפּשטײַגן. בײַ זאַרזאַרן נעמט מען צו אַ קאָפּיע פון זײַן אַרטיקל וועגן דער סאָוועטישער בירגערלעכער אוויִאַציע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר דער אויסלענדישער פּרעסע; דער אַוטער בעט איבערגעבן, אַז ער שענקט די קאָפּיע פאַר אַן אָנדענק, — דעמאָלט קערט מען אים אום דעם מאַנוסקריפּט.

קיין שום פּײַנלעכע דעמאָנסטראַציעס האָבן מיר אַפן אַעראָדראָם ניט געפונען, ניט רעכענענדיק דעם רעפּאָרטיאָר פון אַ ווײַסער צײַטונג, וואָס האָט אַף אונדז „געשיקט“ בליקן, וואָס האָבן עפּנטלעך געוואָלט שטעכן די ראַטנמאַכט. אַזוי־אַרום זײַנען מיר געווען געצוווּנגען פאַרעכענען פאַר אַ פּײַנטלעכער דעמאָנסטראַציע דאָס בײַזײַן פון דער פאַרשטאַרקטער פּאָליצייִשער וואַך אַליין, — וואָס איז אַוועק פון לע־בורזשע טייקעף נאָך דעם, ווי מיר זײַנען אָפּגעפאָרן. נאָר ווי זאָגט מען דאָרט — מיר זײַנען ניט קיין אַוטאָריטעטע קוועלן און ניט קיין אינפאָרמירטע קרײַזן: זאָל דידאָזיקע באַשטעטיקונג בלײַבן אַף אונדזער אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט.

דורך די אַרבעטער־פאָרשטעט פאָרן מיר צום צענטער פון פּאַריזש. צום אָנהייב גייען שמוציקע לאַנגע גאַסן, באַשיידענע קרעמלעך, פאַרמורזעטע יאַטלעך אַף דער מיט ברוקירטער גאַס. נאָכדעם ווערן די מענטשן־ און אַוטאָמאָביל־שטראָמען געדיכטער, אַלץ אָפטער בליצן אויף די פּיִאָלעט־פײַערן פון מעכטיקע רעקלאַמעס, העכער ווערט דער געפילדער מיט די געשרייען פון די מיליאָנען מענטשן, וואָס לעבן באַטאָג און באַנאַכט אַף דער

גאס. נאָר העכער פון אַלע שרייַען און פּילדערן, אופרודערנדיק די הויפּטשטאָט פון דער וועלט, די צענדליקער טויזנטער צייַטונג־הענדלער. אין פּאַריזש איז שטיקנדיק הייס און אומרויִק.

מאָרגן אינדערפרי ווערט באַשטימט דער גורל פון פּואַנקאַרע און פון זייַן קאַבינעט. מאָרגן וועט די פּאַלאַטע דעבאַטירן—צאָלן אַמעריקע אָדער ניט צאָלן, און הייַנט, ווען מע זאָגט דאָ און מע שרייַבט, האָט דער ראַטנפאַרבאַנד דערקלערט אַ מילכאָמע כינע, און פּילצאָליקע פאָלקן־מאַכנעס רויטאַרמייער, באַוואָפנט מיט מעכטיקע טאַנקעס, זייַנען אַריבער די גרענעץ בײַ דער סטאַנציע מאַנדזשוריע...

# פאַרשיידנערליי אומדערוואַרטקייטן

אין דער האַלב־פינצטערער און זייער באַשיידן אויסגעשטאַטער געביידע פון דעם פראַנצויזישן אַעראָקלוב בלאָזט מיט אַלטע טראַדיציעס, ווי אין אַן אַלטפרענקישן אַדמיראַלטייִשן דעפּאַרטאַמענט. די טעמפּן פון געשיכטע אײַלן זיך זייער צו. דאָס אייגענע קומט פאָר אין דער טעכניק. אַף די ווענט, פונקט ווי פּאָרטרעטן פון פּאָטערס און עלטער־פּאָטערס ערגעץ אין אַ פאַמיליען־שלאָס, הענגען די פּאָרטרעטן פון די ערשטע אַוויאַטערס. לאַנגע לאָקן, וואָנצעס דינע ווי זייַד, ווי בײַ מאָפּאַסאַנס העלדן. און אַ גוטע העלפט פון דידאָזיקע עלטער־פּאָטערס לעבן דאָך נאָך ביז הײַנטיקן טאָג. אייניקע פון זיי זײַנען געוואָרן גרויסע גווירים, געוואָרן דירעקטאָרן און אייגנטימער פון מעכטיקע אַוויאַ־זאַוואָדן, פּאָרזיצערס פון לופט־טראַנספּאָרט־געזעלשאַפטן. אַנדערע, פאַרקערט, ווערן פאַרשוואַרצט אין אָרעמקײַט פאַרגעסענע פון אַלעמען—מײַרעוו־אייראָפּע ווייסט נאָך דערווײַל ניט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג. די דריטע זײַנען געבליבן שטעקן אַף האַלב אינדערמיט. זיי האַלטן זיך פונויבן, לעבן ניט שלעכט, נאָר ניט גאָר גלענצנדיק. פיל פון יענע, וואָס האָבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק באַקרוינט פראַנקרײַך מיט אַוויאַ־לאָרבערקרענץ, מיט דער אייגענער ברוסט דורכגעשלאָגן דעם וועג צו באַזיגן די לופט, האָבן איך ביז הײַנט ניט פאַרלאָזט זייער אָרט באַם רודער,—זיי פליִען אום אַף הײַנטיקע מאַשינעס, אונטערגעשוירענע אַף דעם ענגלישן אויפן און ריין אויסגעגאָלט, לאַכלוטן ניט ענלעך אַף די אַלטע פּאָרטרעטן, וואָס זעען אויס ווי פּאָרטרעטן פון הונדערט יאָר צוריק.

אין דעם אעראָקלוב האָט מען שוין זיך אָנגעזען פארשיי־דענע וווּנדער־זאכן. דאָ איז דער צענטער פונעם אוויאַ־לעבן פון דער גאָרער וועלט. מיט וויזיטן, באראטונגען, ארבירטראזשן צווישן פארמעסטונגען, פרייז־באשטימונגען, בעכערס, טיטלען — ווערן רעגיסטרירט די דערגרייכונגען און דערפאָלגן אין דער לופט פון אלע לענדער. דאָ איז מען זייער געהיט מיט אָפּשאַ־צונגען, און אף פלינקע דילעטאנטן קוקט מען דאָ פון אויבן אראָפּ. און דעריבער — אלס אָביעקטיווער רעזולטאט — איז פאר אונדז, פליִענדיקע באָלשעוויקעס, באזונדערס וויכטיק יענע אטעס־טאציע, וואָס וועגן איר, ווי אף אן עקזאמען, מעלדעט אין זיין רעדע דער מאנירלעכער פרעזידענט פונעם אעראָקלוב. ער רעדט שטייענדיק, און מיר אלע שטייען אויך, ס'איז קיין שטולן ניטאָ דאָ אין צימער, און אלס קיבעד דינען נאָר עטלעכע קעלישעקלעך און ביסקוויט־געבעקס אף דעם קליינעם טישל...

פאר די לעצטע טעג, פון זינט מיר זיינען דאָ, איז פאריזש געוואָרן צו אונדז אביסל ווארעמער. דאָס האָט קיין שום שייַ־כעס ניט צו דער פערציקגראדוסדיקער היץ, פון וועלכער די הויפּטשטאָט עקט זיך מאמעש. גיכער פון אלץ האָבן זיך אהער דערטראָגן די צעגליטע בלאָזווינטלעך פון מאָסקווע, וואָס זידט און קאָכט מיט דעם מאנדזשורער קאָנפליקט. אף דעם געזעגנס־אופנעם אין דער פאָרשטייערשאפט זיינען געקומען צו לויפן פיל סאנאָוויקעס פון קע ד'אָרסע, דעם פראנצויזישן מיניסטעריום פאר אויסערלעכע איניאָנים, אסאך דעפּוטאטן, רעדאקטאָרן, זשורנאליסטן, פיל פון די, וועמען איצט, אין דער קוראָרט־צייט, האלט פעסט אין פאריזש די אָנגעשטרענגטע פּאָליטישע לאגע.

ווי געדיכטע שפריצטראָפּנס פאלן באזונדערס אין / אונדז, די מאָסקווער צייטונג־טוער, גיריקע פראגעס — צי וועט פסר"ר אָנעמען פראנקרייכס ארביטראזש־פּאָרשלאג וועגן שאָלעם. נאָר היינט זיינען מיר דאָ נאָר פליערס. וואָס מער שמועסן וועגן אוויאציע, וועגן מאָטאָרן, וועגן שנעלקייט, וועגן רעקאָרדן,

געוועזענע און קינפּטיקע. און נאָך — וועגן ליטעראַטור, וועגן קונסט. דאָ קאָנען מיר שמועסן וועגן די דערפאָלגן פון דעם רוסישן פּאַרצעלײַ, וועגן דער ראָלע פון אעראָפּלאַנען אין קאַמף מיט היישעריקן, וועגן די בודיסטישע טעמפּלען און קאַלמיקן־לאַנד. וואָס קאָן נאָך זײַן אנגענעמענער, ווי דער געשפּרעך מיט דײַן איינ־פאַמיליעקן, דעם סקולפּטער סערגיי קאָלצאָוו, וואָס פאַרענדיקט דאָ זײַנע אויסגעצייכנטע סקולפּטור־בילדער פון פראַנצויזישע קוילן־גרעבער. און דעם שמועס וועגן פּאָליטיק וועלן מיר פאָרזעצן שפּעטער — פון מאָסקווע, דורך דער „פּראַוודא".

דינסטיק — ווידער אפ לע־בורזשע, לעבן אונדזער „אנט — 9". א סוואָרע, אז דעמאָלט, מיט א וואָך צוריק, איז אויך געווען דינסטיק. איך זאָג זיך קאַטעגאָריש אָפּ פון דערמאָנען אין יענעם געוועזענעם דינסטיק הײַנט, בײַס די פּאָליציייִשע טאַמאָזשנע־און גרענעץ־טשינאָווניקעס זײַנען מיט אונדז אזוי אויסערסט העפ־לעך. בא איינעם פון די אָנטיילנעמער אין דער פלי־עקספּעדיציע איז ניט אָפּגעטאָן א געוויסע וויכטיקע פאָרמאַליטעט אין די רייזע־פּאַפּירן, נאָר דער פאַל רופט ניט ארויס קיין שום דער־ווידערונגען. לעבן זאָל ד' פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון ביור־ראָקראַטיזם אף די פראַנצויזישע אעראָדראָמען! א גרוס, די בעסטע ווונטשן, פאַרבלײַבט געזונט!

ווידער זײַנען מיר אינדערלופטן. מיר שיפן זיך לאַנגזאַם דורך איבער גאַנץ פּאַריזש, לעבן דעם אייפל־טורעם, וואָס האָט זיך אצינד ווי ווידעראַמאָל יונג געמאַכט, א באַשײַנטער מיט דער עלעקטרישער רעקלאַמע פון סיטראָענס אווטאָמאָבילן. ארויסגערוקט זיך פון די פענצטער, כאַזערן מיר נאָכאַמאָל איבער, קוקנדיק אף דער לעבעדיקער מאַפּע, אלע באַרימטע וווּנדער־ערטער פון אָט דער וועלט־שטאָט.

אלץ ווײַטער און ווײַטער אף דאָרעם. פראַנקרײַך ווערט באַרגיק. סע טרייסלט שטאַרק. נאָר אצינד זײַנען שוין אלע אפּגן אעראָפּלאַן געוואָרן אויסגעפּרוווטע לופט־וועלפּ. שטאַרק

צעטרייסלט האָט נאָר איינ נײַעם פּאסאזשיר, ריכטיקער — א פּאסאזשירקע, אנ עפּעקטע יונגע פרוי, וואָס פאָרט מיט אונדז פונ פּאריזש. זי הענגט, יאָ, זי הענגט, נעבעכ, אנ אונטערגעבונדענע אונטער די פּאכוועס צו דער סטעליע פונ דער קאבינע. אפ אנ אָוונט אינ דער סאָוועטישער קאָלאָניע האָט מענ נאָכ דער אָפּיציעלער טייל געפּלעט א קוקלע אפ אנ אאוקציאָנ לעטויוועס א „טראקטיר" פּארנ שעפּירטנ דאָרפּ. לויט א פּארדעכטיקער טרעפּעניש איז זי אָנגעקומענ גראָד איינעמ פונ די אונרזעריקע — אונ אָט מאכט זי מיט די לאנגע פיסלעכ, ווייט מיט פּארפּומענ, דערמאָנענדיק אונדז וועגנ דעמ פּארשײַטנ פּאריזש.

אָנ א זײַט איז געבליבנ מארסעל. פונ לינקס קריכנ בלייכלעכ ארויס די שנייִקע שפּיצנ פונ די אלפּנ. נאָכ עטלעכע קייטנ בערג, אונ מיר טראָגנ זיכ שוינ איבער דער גלאטער, רויִקער אויבערפלאכ פונ געדיכט אונ שארפ צעפּירטער בלויער פליסיקײַט. אזא אינגאנצנ אומגעוואוּרטנ יאמ־קאָליר, א שרײַענדיק בלויענ אונ אנ אבסאָליוט מאטאָוונ אָנ א שומ גלאנצ, איז מיר נאָכ קיינמאָל ניט אויסגעקומענ צו זענ.

נאָר דידאָזיקע שיינקײַט האָט איר פּארקערטע זײַט — אונ ווו איז זי, אָט די פּארקערטע זײַט, ניטאָ? בא אזא אומבאוועגלעכקײַט פונעמ יאמ־אויבערפלאכ אונ אבסאָליוטער אָפּוועזנהײַט פונ פעסטע פּונקטנ אינ רוימ איז שרעקלעכ שווער נאָכצושפּירנ נאָכ דעמ גלײַכנ גאנג פונעמ אפּאראט, דיסקאָנטירנ זײַנ האָריזאָנטאלע פאָרמ. אנ אָפּנויג איז איבערהויפּט ניט קיינ גוטע זאכ, אָבער אינ דער הייכ, איבער דעמ מיטלענדישנ יאמ, בא א שנעלקײַט פונ 170 קילאָמעטער אונ אָנ שומ געהעריקער דערקלערונג־ארבעט — טויג דאָס שוינ אינגאנצנ אפ צאָרעס. דער פּילאָט ווערט עפּעס אָנגעכמורעט, דערצו נאָכ — צי איז דאָרט אלצדינג אינ אָרדענונג אינעמ לינקנ מאָטאָר?

דער מעכאניק רוסאקאָוו אונ דער אינזשעניער ארכאנגעלסקי באטראכטנ אופמערקזאמ דעמדאָזיקנ מאָטאָר דורכנ פענצטער אונ

באראטנ זיכ, ארײַנשרײַענדיק ביז טויב צו ווערנ אײנער דעמ אנדערנ אינ די אויערנ, וואָס זײַנענ פארשטעקט מיט וואטע. דידאָזיקע צוויי כאווײרימ — דאָס זײַנענ בלוטיק־געטרײַע יואכהאל־טערס איבער אונדזער אפאראט מיט זײַנע מאָטאָרנ. וווהינ מיר זאָלנ ניט אָנקומענ, איז פאר זיי די גרעסטע וווּנדער־זאכ — אנ איבעריק מאָל צופאָרנ אפנ אעראָדראָמ, נאָכאמאָל אונ אָבעראמאָל כאפנ א קוק, צי איז ניט מיד געוואָרנ די מאשינ, אָט דער גאָלדענער פאָנד פונ אונדזער עקספעדיציע, וואָס האָט שוינ פיל אופגעטאָנ, אונ וואָס ס'שטײט איר נאָכ פאָר אזויפיל אופצוטונ.

נאָר די אומרוענ שטילנ זיכ גיכ אײַנ. די מאָטאָרנ פירנ זיכ מער ווי לײַטיש, צודערצו נאָכ זעט זיכ שוינ אָנ קאָרסיקע, וואָס איז זײער גרויס, זײער פוסט־לײדיק אונ זײער בארגיק. מיר גײענ דורכ איבער איר אפ דער הײכ פונ א צווייטנ עטאזש — הויכ איבער די טרוקענע טאָלנ אונ קימאט גלײַכ מיט די פאר־זשאווערטע געלע פעלדזנ. איצט איז אלצ קלאָר, דער וועג איז אינגאנצנ א ריכטיקער, דער קורס לויטנ קאָמפאס איז גענומענ ווי ס'קער צו זײַנ. די הויפטשטאָט פונ קאָרסיקע, איאטשיאָ, בלײַבט רעכטס, אפ מײַרעוו. מיר לאָזנ אינ א זײַט די קלײנע שטאָט באסטיא, אונ נאָכדעמ דעמ גאנצנ אינדזל, די האלב־איטא־ליענישע בײַלאגע צו פראנקרײַכ, וואָס האָט צוגעשטעלט פאר איר מעטראָפאָליע צוויי פונ פארשײדענע מאדרײגעס גרויסע, נאָר אלצײנס ענערגישע פארשוינענ — דעמ אימפעראטער נאפאָלעאָנ אונ דעמ איצטיקנ פרעפעקט פונ פאריזשער פאָליציי מוסיע קיאפ.

ווידער יאמ, אונ באלד ווידער — א קלײנער אינדזל, ריכטיקער, עפעס ווי מיט קאס אנ אוועקגעשלײַדערטער פעלדז, וואָס סטארטשעט ארויס פונעמ וואסער. דאָס איז דער בארימטער לויט דעמ דיומא־ראָמאנ אינדזל מאָנטע־קריסטאָ מיט דעמ טײַוולשנ קאפ. נו, איז כאפט אימ דער טײַוול. נישקאָשעדיק פונ אנ ערטל וואָלט געווענ אָט דער אינדזל מיטנ שארפנ צאָנ, ווענ מע זאָל זיכ דאָ פלוצימ מוזנ אראָפזעצנ!

ווײַטער א יאמ, — האמעש אונדזער פלי־רייס ווערט פארוואנדלט
אינ א יאמ־רייס, באזונדערס, אויב מיר וועלנ אָנעמענ די איינ־
לאדונג פונ ענגלאנד אונ וועלנ זיך א לאָז טונ קיינ לאָנדאָנ...
נאָך גוט, וואָס די בלויע פארב האָט זיך אביסל צעכוויליעט. דער
ווינט האָט איבער איר א טרײַב געטאָנ ווײַסע באראנטשיקעס,
אונ לויט זייער ריכטונג איז גרינגער אוועקשטעלנ דעמ אפּאראט־
פליגל האָריזאָנטאל־גלײַך. די ווײַטערדיקע אנדערהאלבנ שאָ גייענ
דורך אומבאמערקט, אונ אָט דארפ מענ זיך שוינ אָנטונ, באלד
איז שוינ איטאליע אונ רוימ.

ווידער הייבנ זיך אָנ אײנציקע בערגלעך אונ נידעריקע
בארג־קייטנ, נאָר איבער זיי איז ניט אזוי געדיכט צעוואָרפנ קיינ
דערפער, פערמעס אונ פאבריקנ, אזויווי אינ דאָרעמ־פראנקרײַך.
זייער מאָדנע זעט אויס אונדזער רײַזע איבער גאנצ אייראָפּע —
אפ קיינ איינ מינוט אפילע זיך ניט ארײַנגעזעצט אינ וואגאָנ.
נאָר אזא רײַזע גיט זייער פיל. פונדאנענ, פונ דער הייך, קאָנט
איר גלײַך באשטימענ, פארשטייט זיך, ניט אינ דעטאלנ, נאָר אינ אנ
אלגעמיינעמ מאסשטאב, דעמ כאראקטער פונ דער ווירטשאפט, די
עקאָנאָמיק פונ לאנד. פונעמ וואגאָנ וועט איר דאָס קיינמאָל ניט זענ.

ווידעראמאָל, ווי ס'איז שוינ בא אונדז ארײַנ אינ א געוווינהייט,
צילעוועט זיך אָנ אונדזער פּילאָט נאָך פונדערווײַטנס אינעמ
אעראָדראָמ אונ לאָזט זיך אראָפּ מיטאמאָל פינקטלעך אונ אָפּגע־
האקט אינ א גראָדנ ווינקל. נאָר פונדעסטוועגנ קאָנ מענ נאָך
באווײַזנ א כאפּ טונ מיטנ בליק אינטנ, בא די אנגארנ, דעמ
גרויסנ אוילעמ, וואָמ באוועגט זיך דאָרט אזוי ענערגיש.

ביז דעמ ערשטנ באריר־שטויס אינ דער רוימישער ערד איז
נאָך געבליבנ א סעקונדעס דרײַסיק. ווי א וויכער טראָגט זיך
דורך אינ קאָפּ די קינאָ־לענטע פונ דער צווייטויזנטיאָריקער גע־
שיכטע פונ דער אלטער הויפּטשטאָט פונ דער וועלט.

אצינד שטייט זי אינ א זײַט פונ דעמ גרויסנ וועלט־וועג,
אָט די אמאָל אומבאזיגלעכע, שטאָלצע שטאָט, וואָס האָט געגעבנ

איר נאָמען פאַר מעכטיקע היסטאָרישע עפּאָכעס, וואָס האָט אינ שטורעם פונ סאָציאַלע ליידנשאַפטנ באַשאַפנ נייַע געזעלשאַפטלעכע פאָרמענ, מוסטערנ פונ אַלע מעלוכע־טיפּנ, מעכטיקע רעליגיעס, פילאָסאָפישע אונ יורידישע סיסטעמעס.

די רוימישע קייסאָרימ. די רוימישע רעפּובליקנ. די רוימישע אימפּעריע. רוימישע פּראָלעטאַריער. רוימישע פּאַטריציעס. רוימישע קנעכט.

רוימ—די הויפּטשטאָט פונ געצנדינערייַ. רוימ—די הויפּט־שטאָט פונ קריסטנטומ. פּאָנטיפעקס—דער אויבערפּריסטער פונ רוימ, דער פּויפּסט—קריסטוסעס פאַרטרעטער אַפ דער ערד.

די לאַטייַנישע פּאָעזיע. רוימישע רעכט־סיסטעמ. רוימישע פילאָסאָפנ.

די גרעסטע ביז אַפ הייַנטיקנ טאָג ניט איבערגעשטייַגטע אַרכי־טעקטור פונ גראַנדיעזע געבייַענ.

די שרעקלעכסטע, נאָכ ביז אַצינד אומגעהערטע צעשטערונגענ, סרייפעס, רויִנירונגענ פונ באַזיגער.

רוימ—די פאַרוואָרפענע פּראָווינצ פונ דעמ אַפ פיצלעכ צע־ריסענעמ לאַנד. אונ ווידער רוימ—דער נאַטירלעכער צענטער פונ דער פאַרייניקטער דורכ דער גאַריבאַלדישער באַוועגונג איטאַליע.

גאָר ניט לאַנג—רוימ דער צענטער פונ אופגעפלאַקערטער סאָציאַלער רעוואָליוציע, סערפּנ אונ העמערלעכ אויסגעקריצט אַפ די אויטאָמאָבילנ פונ דעמ זאַוואָד „פיאַט", וואָס די אַרבעטער האָבנ אימ נאַציאָנאַליזירט.

אונ איצט—די הויפּטשטאָט פונעמ איטאַליענישנ אונ וועלט־פאַשיזמ, פונ אָט דער סאַמע בייגעוודיקער אונ אָרגאַניזירטער אַנ־טיקאָמוניסטישער באַוועגונג.

רוימ—אָט די אַלטע קליינע שטאָט—צי איז זי ניט צו ענג, אַלס אַ צווייענדיקע הויפּ־שטאָט פונ צוויי אידייענ, וואָס יעדערע באַזונדער פּרעטענדירט אַפ וועלט־הערשאַפט—דער פּאַפּיזמ אונ דער פאַשיזמ?

א שטויס. די ערד. נאָך א ריי קליינע גרינגע שטויסן שוין פון די לעצטע באוועגונגען אפ דער ערד, פריילעכע און צו־געיילטע... א געדיכטער, - שרייענדיקער, זשעסטיקולירנדיקער אוילעם קלעפּט אונדז ארום, לאָזט ניט ווי ס'קער צו זיין ארויס־שטייגן פון דער קאבינע. קוילעס, באגריסונגען, אויסגעשרייען, אפּלאָדיסמענטן. אויב מע זאָל פארגעסן אייניקע דעטאלן, קאָן זיך דאכטן, אז מע איז געקומען צוגאסט צו נאָענטע פריינט. נאָר א שפּאס אפ א זייט — א באגעגעניש די סאמע הייסטע.

גענעראל באלבאָ, דער מיניסטער פון אוויאציע, באגריסט אין זיין גרויסער רעדע אונדזער עקספּעדיציע. „גענעראל" זארזאר באדאנקט אין זיין ענטפער־וואָרט פאר דעם הייסן אופנעם און לויבט מיט שיינע געפליגלטע ווערטער די פּאנאָראמע פונעם מיטלענדישן יאם, וואָס האָט זיך אנטפּלעקט פאר אונדזער בליק אפן וועג קיין רוים.

ארומגערינגלט מיט אן אנטציקטן אוילעם מענטשן פירט מען אונדז אריין אין דער געביידע פון זעם אעראָדראָם ליטאריא, ווו מע נעמט אונדז דעמאָקראטיש אופ מיט א גלעזל ביר. צווישן אוילעם שפּארט זיך מיט גרויס מי דורך צו אונדז אן ענגלישער געגאָלטער דזשענטלמענ און דריקט אונדז שווייגנדיק ענערגיש די הענט. ווייזט אויס, דאָס אופשטעלן די באציונגען איז שוין פאָר־געקומען, אויב דער באיאָרט־סאָלידער אמבאסאדאָר פון גרויס־בריטאניע — ס'ארא קאָוועד פאר אונדז, פאר גאנץ ראסיי! — האָט זיך ניט געפוילט קומען צו פאָרן אפ דעם אעראָדראָם.

מיר שטויסן זיך אום צווישן אָט דעם יאָנטעוודיקן הארמידער גאנץ לאנג. און דעמאָלט ווענדעט זיך צו מיר דער טרוקענער ענגלענדער אפ דער ריינסטער, רוסישער שפּראך.

— צו וואָסער טייוול פאַרהאלט איר זיך דאָ? שוין צייט אין דער פּאָרשטייער שאפּט.

גאָט מיין גאָט, ס'איז דאָך דמיטרי איוואנאָוויטש קורסקי! די וואָנצעס זיך אפ דער עלטער אָפּגעגאָלט. מיין געוועזענעם

נאַטשאַלניק האָב איך אָנגענומענ פאַר א רויב־כייע פונעם בריטאַ־נישנ אימפּעריאַליזמ. אָט דאָס הייסט דערקענט!

מיר פאָרנ מיט שמאָלע, שטילע גאַסנ. רוימ, לאָזט זיכ אויס, האָט א רויט־קופּערדיקנ קאָליר. קימאַט אַלע הײַזער זײַנענ אויס־געפאַרבט אינ דערדאָזיקער פאַרב. פיל הײַזער זײַנענ גאָר ניט אויסגעפאַרבט. אויכ דער טופ, פונ װעלכנ די אוראַלטע הויפּט־שטאָט איז געבויט, איז פונ ראָזער פאַרב. פּונקט אַזא טופ אַרבעט מענ איצט אויס אינ אַרטיקע, בא אונדז אינ אַרמעניע. דער אַלפאַרבאַנדישער ראַטפאָלקאָמ האָט אַסיגנירט פיר מיליאָנ רובל פאַר די אַרטיקישע טופ־באַאַרבעטונגענ. אונ ער האָט ריכטיק געטאָנ! דער אַרטיקישער טופ האַלט אויס, לויט דער קאַלקוליאַציע, דעמ פּראַכט ביז ראָסטאָװ. א שאָד, װאָס ער האָט פאַרשפּעטיקט פאַר דעמ סעלמאַשבוי. אַזעלכע געבײַענ װי דער צעכ פונ „פויערשע מאַכשירימ" קאָנ מענ אױעקשטעלנ פונ טופ ביליקער אונ פונדאַמענטאַלער, װי פונ בעטאָנ.

אָט איז שוינ אונדזער פאָרשטייערשאַפט. הויכע מאַרמערנע זאַלנ, קליינינקע פענצטער. אינ האַלבער טונקלקייט, צװישנ עלטערע גאָבעלענענ אינ שװערע ראַמענ — גרויסע פאָרטרעטנ פונ לענינענ, סטאַלינענ, קאַלינינענ. די פאָרשטייערשאַפט פונ דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע זעט אויס שטרענג אונ אימפּאָזאַנט־גרויסאַרטיק. די פאָרטרעטנ שמייכלענ עטװאָס אונטער אינ אָט דעמ ניט־געװיינלעכנ אַרומ.

---

# די קאַטאַסטראָפּע מיט דער געהיימער לופט־שיפ

אויב עפּעס מיקויעכ די באָלשעוויקעס, טאָ פרעגט זיכ אָנ באַ דעמ „דיילי עקספּרעס”. ער ווייסט.

דינסטיק אינדערפרי, דעמ 13־טנ יולי, איז דער „דיילי־עקס־פּרעס” ארויס מיט א גרויסער שלאָג־נײַס:

„די געהיימע סאָוועטישע לופט־שיפ האָט געליטנ אנ אוואריע”.

ווײַטער האָט זיכ געמאָלדנ וועגנ ניט קיינ סאַכ פאקטנ, נאָר דערפאר זייער אינטערעסאנטע. לאָזט זיכ אויס, אז „דער גע־היימער דרײַמאָטאָריקער אעראָפּלאנ „די ראטנ־פליגל”, וואָס פליט שוינ אומ, מע ווייסט ניט מיט וואָס פאר א צילנ, באלד דרײַ וואָכנ איבער אייראָפּע — איז זיכ דערפלויגנ ביז א קאַטאַסטראָפּע.

אפנ וועג פונ רוימ קיינ לאָנדאָנ איז מיט די „ראטנ־פליגל” געשענ אנ ערנסטע אוואריע, אונ זיי האָבנ זיכ אראָפּגעזעצט נאָענט לעבנ דער פראנצויזישער שטאָט נעווער. קיינ קאָרבאָנעס באַמ אראָפּזעצנ זיכ איז ניטאָ, נאָר דער אעראָפּלאנ איז אפּ אזויפיל צעשעדיקט, אז פאָרזעצנ זײַנ וועג ווײַטער וועט ער ניט קאָנענ.

א געהיימער אעראָפּלאנ. וואָס־זשע, ניט קיינ געהיימער!

אייראָפּע איז צערייצט פונ דער שטיקנדיקער יול־היצ, פונ פלוצעמדיקע מיניסטערישע קריזיסנ, פונ די עפּנטלעכע צוגריי־טונגענ פונ ארבעטער אונ קאָמוניסטנ צומ ערשטנ אווגוסט. ס׳דאכטנ זיכ שוינ פארשווערונגענ, אופרײַסונגענ, אומאנגענעמע־נע אונ פאטאלע צוזאמענשטויסנ. עמעס, ס׳האָט זיכ שוינ אײַנגע־געבנ דעמ אָדער יענעמ אינ פארשיידענע לענדער צו פארבא־האלטנ הינטער אײַזערנע גראַטעס. נאָר וויפל איז נאָכ געבליבנ

ניט קיין פארבאהאלטענע! און צו דעם אלעמען טראָגט זיך אום א געשפּענסט איבער אײראָפּע. ניט גלאט ער טראָגט זיך אום, — נאָר ער פליט מיט א שנעלקייט פון צווייהונדערט קילאָמעטער א שאָ, אף דריי מאָטאָרן, מיט עלף באָלשעוויקעס, מיסטאמ באוואָפנטע ביז איבער די ציין און געוויס אָנגעשטאָפּטע מיט פארשיידענער פּראָפּאגאנדע ביז איבער די אויערן.

פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אף דעם באשיימפערלעכ אינטריגאנישן כאראקטער און אויסזען פון די „ראטן־פליגל", האָט די גאנצע בורזשואזע פרעסע, אכוץ דער דייטשישער און איטאליעניִשער, דאַכ געמאָלדן וועגן. אונדזער לופט־עקספּעדיציע שטארק קורץ, לאקאָניש, צווישן די ציין. נאָר די געשעעניש הינטער נעווער האָט בארימט געמאכט אינ וועלט־מאסשטאב אונדזער געשפּטלעכ־גרויסן זילבערדיק־שווארצלעכן „אנט — 9".

הונדערטער מיליאָנען מענטשן, דאָס הארמאטן־פלייש פון דער אלוועלטלעכער צייטונגס־ארטילעריע, האָבן ארייַנבאקומען אינ זייערע מויכעס דעם אָרדנטלעכן סנאריאד. דאָס וואָרט „נעווער" — דער נאָמען פונעם קליינעם פּראנצויזישן שטעטל — איז געווען געבונדן מיט די ווערטער „קאטאסטראָפע" און „סאָוועטישער אעראָפּלאנ". צו דעם האָט נאָכ „דיילי־עקספּרעס" צוגעגעבן אביסל פעפער — ניט קיין פּראָסטער אעראָפּלאן, נאָר א געהיימער. א געהיימער, לעדיס און דזשענטלמענען!

וואָס־זשע איז טאקע געשען הינטער נעווער? — געשען איז אָט וואָס.

פון רוים זיינען מיר ארויסגעפלויגן מיט א פארשפּעטיקונג קימאט אפ אנדערהאלבן שאָ. דער גאנצער הייסער טעמפּעראמענט פון די איטאליענער איז געווען אָנגעווענדעט אף דער באגעגעניש פון דעם סאָוועטישן אעראָפּלאן און אף פייערלעכע מיטעקן, האָט ניט געסטייעט קיין טעמפּעראמענט אף עלעמענטארער הילף באם ארויסבאלייטן. דעריבער האָט מען דעם שווערן אעראָפּלאן געמוזט ארויסשלעפּן אינעם אנגאר מיט דער הילף פון

אזא אָפגעשטאנענער שלעפקראפט, ווי די מיטארבעטער פון די
צענטראלע פארטייאיש־סאָוועטישע צײַטונגען. ניט ווייניקער קלאָ־
פּאָט איז געווען באם אָנשטעלן די מאָטאָרן — אפ דעם אעראָדראָם
ליטאריא האָט זיך ניט געפונען אין רעזערוו קיין איין באלאָן
מיט געפרעסטער לופט, וואָס איז נייטיק פאר אָט דער פאָשעטער
אָפעראציע.

אונטער דער צעגליטער זון, נאָר בא זייער אומגינסטיקע מע־
טעאָראָלאָגישע אויסזיכטן מיקויעך דעם ווײַטערדיקן וועג, האָבן
מיר א נעם געטאָן אפ צאָפן, איבער דעם טירעניִשן און ליגו־
רישן יאַם, האָבנדיק פון רעכטס געזען און דעם פּראָוואַנסאַ־
לער ברעג־פּאס פון פראנקרײַך.

אין מארסעל האָבן מיר זיך אראָפגעזעצט בא א שטארקן
זײַטיקן ווינט. שיר־שיר האָט ניט א קער געטאָן די מאשין אפ
דער לינקער ראָד. געטראָפן האָבן מיר אין מארסעלער אעראָ־
פּאָרט א ווייסטיקע פּוסטקע. דאָס קורצע פארשווינדל, וואָס האָט זיך
ארויסגעשארט פון דעם געמאָוערטן וואך־פּאוויליאָן, ניט נאָר
וואָס ער האָט זיך ניט פארינטערעסירט מיט אונדזערע פּעסער
און וויזעס, נאָר ער האָט זיך איבערהויפּט באצויגן צו אונדזער
וויזיט, ווי צו עפּעס א מין פאנטאסמאגאָריע, צו עפּעס אן
אומגעלומפּערטער און ניט־שוארפזיניקער פארבלאָנדזעניש.

וואָס זאָל דאָס באטײַטן? מיר האָבן דאָך אפצופריער אוועק־
געשיקט קיין מארסעל עטלעכע טעלעגראמעס. אפ אונדז האָט
שוין דאָ געדארפט ווארטן פארגרייטער בענזין, א מעטעאָראָלאָ־
גישער אינפאָרמאציע־איבערזיכט, איינער אָדער צוויי פּאָרשטייער
פון די סאָוועטישע האנדלס־אָרגאניזאציעס אין פראנקרײַך. וואָס־
זשע איז דאָס פאר א רועך?

דער פארשווין אפן אע־אָדראָם האָט א שאר געטאָן בא זיך
אפן טיש און אונדז דערלאנגט א טעלעגראמע פון רוים. אין
דער טעלעגראמע האָבן אונדזערע העפלעכע, נאָר ניט איבעריק
אומפערקזאמע פריינט מיטגעטיילט, אז מיר זײַנען הײַנט זעקס

אינדערפרי ארויסגעפלויגן... קיין ווין. נאָך אזא טעלעגראמע האָבן אונדזערע כאווייריםמ, וואָס זײַנען געקומען צו פאָרן פאר פינף־און־צוואנציק קילאָמעטער פון מארסעל אהערצו, א קוועטש געטאָן מיט די אקסלען און האָבן באלד פארקערעוועט צוריק. אונדז בלײַבט אויך נאָר א קוועטש טון מיט די אקסלען. קוועטשן מיר טאקע...

נאָך דעם אומענדלעכן ארײַנפראווען דעם בענזין אין אפאראט ארײַן און די נײַע פרווון צו באנוצן די ארבעט פון פרעסעטוער אין אוויאציע הייבן מיר זיך אוף אפ לאָנדאָן. נאָר ס'איז שוין נאָך צוויי דעם זייגער, צײַט איז געבליבן זייער קנאפ. דערצו נאָך לאָזט זיך וויגעדיק אראָפ, אפצופריער פאר אונדז, אן עקלהאפטיקער גרויער פאָרהאנג. די זעעוודיקײַט פארקלענערט זיך פון מינוט צו מינוט. דאָס געפעלט ניט איבעריק אונדזער פליער גראָמאָוון — „סע שמייכלט אים ניט“, — און גראָמאָוו שמייכלט אויך ווייניק־וואָס, ער שמייכלט אפילע אינגאנצן ניט. אים באמרויִקן גאנץ ערנסט די בארג־מאסיוון, וואָס פאר ליאָן. בא אזעלכע נידעריקע וואָלקנס דארף מען נעמען זייער א גרויסע הייך, מע זאָל נאָך אינמיטן דרינען זיך ניט פארטשעפען אין עפעס א פעלדז. און גרויסע הייך בא אן אנקעגנבלאָזנדיקן ווינט פארקלענערט זייער און זייער די שנעלקײַט.

נאָך א שאָ שווער, אָנגעשטרענגט פליען — און מיר זײַנען פונדעסטוועגן אריבער די בערג. געוואָרן אביסל לײַכטער, כאָטש ס'איז שוין שטארק שפעט. שוין אינגאנצן קלאָר, אז אין לאָנדאָן, אפ דעם קרוידאָנער אעראָדראָם, וועט מען זיך דארפן אראָפלאָזן בא אָנגעצונדענע לאמטערנס. עפשער איז קעדײַ זיך אראָפלאָזן אין פאריזש? פאריזש געפינט זיך ניט אין א זײַט, נאָר פונקט אפ דער גלײַכער ליניע מארסעל — לאָנדאָן.

די פעדערשטע טייל פון דער לופט־יאכטע איז ביז דער מיט קאבינע פארנומען מיט דער אוויאציע־פארוואלטונג, די הינטערשטע טייל — מיט דעם פליענדיקן פרעסע־הויז. איך רײַס ארויס

א זײַטל פונ בלאָקנאָט, שיק דאָס אוועק פּאָרויס מיט אנ אופשריפט פונויבנ:

„צי וועלנ מיר הײַנט קומענ צו פליִענ קיינ לאָנדאָנ... אנקעטע אפ דער הייכ פונ זיבנ הונדערט פופציק מעטער”.

דאָס בייגעלע פּאַפּיר הייבט זיכ אָנ פּארפּילנ.

וו. זארזאר: „מיר וועלנ דערפליִענ. געזאָגט נאָכ אינ רוימ.

וו. ארכאנגעלסקי: „יאָ”.

פּ. קלעווצאָוו: „זעלבסטפארשטענדלעכ. וואָס־זשע, זיכ גיינ באָדנ אינ לאמאנש?”

...געבליבנ נאָכ צוויי אדרעסאטנ. זיי זײַנענ אינ דער גלע־זערנער פּילאָטנ־קאביִנע. איכ גיב איבער דאָס בייגעלע פּאַפּיר אהינ. זיי באקוקנ דאָס לאנג, אָנ שומ שמייכל. דער מעכאניק רוסאקאָוו שטעלט זײַנ אונטערשריפט אונ גיט איבער גראָמאָוונ. גראָמאָוו שטעלט אוועק זײַנע אויכ.

וו. רוסאקאָוו: „יאָ”.

מ. גראָמאָוו: „יאָ אונ ניינ”.

פאר א סקעפּטיקער האָט זיכ ארויסגעוויזנ נאָר איינער. נאָר דערדאָזיקער סקעפּטיקער—איז דער פּילאָט אליינ. מע דארפ קלערנ, אז דאָ שפּילט א ר״ל די באשיידנקייט פונ דעמ פליִער. וואָרומ אויב דער פּילאָט וו״ זאָגנ—יאָ, איז וואָס פ[illegible]ר א זינ האָט נאָכדעמ צו מאכנ דעמאָלט אנקעטעס. פונ דער צווייטער זײַט, וואָס פאר א זינ האָט פאר דעמ פּילאָט צו שרײַבנ „יאָ”, אונ גלײַכ לעבנ דעמ „ניינ”? אויב, אשטייגער, ער האָט בעדייע זיכ ארויפלאָזנ איג פאריזש, האָט ער באדארפט געוועזנ ספּעציִעל אונטערשטרײַכנ, אז אינ די געגעבענע באדינגונגענ איז ניט מעג־לעכ דורכמאכנ דעמ גלײַכנ רייס מארסעל—לאָנדאָנ אָנ אנ אינ־טערוואל. נאָר פונ דער דריטער זײַט...

דידאָזיקע געדאנקענ רײַסנ זיכ איבער פונ שארפע, ניינ, ניט פונ שארפע, נאָר פונ טיפע פאַ[illegible]באוועגונגענ, ווי דאָס גיכע

און ריטמישע אראָפּלאָזנ זיכ פונ א ליפּט. יאָ, א גאנצ גישקאָשעדיקע הוידלקע, באזונדערס, אז אונטנ האָט זיכ די ערד אָנגעגליט ביז לעצט. מאָדנע איז נאָר דאָס, וואָס דער פּילאָט, וואָס רירט זיכ גטוויינלעכ נאָר קוימ־קוימ צו צו דער קאָמפּליצירטער מאשינ־אויסשטאטונג, וואָס געפינט זיכ ארומ אימ, פאַרקעט זיכ דאָס מאָל זייער ענערגיש אונ שטארק פארטאָנ מיט אלע הייבערס אונ הענטלעכ!.. ווייַזט אויס, אז פונ דעמ שטורעמ־וויכער איז נייטיק זיכ ארויסכאפּנ אינ מער העכערע אטמאָספערישע שיכטנ... ע, ניינ, גאָר פונקט פארקערט: אינגאנצנ קלאָר, אז מיר וועלנ זיכ אראָפּזעצנ. אפילע די מאָטאָרנ שליסט מענ שוינ אויס.

שארפ ווינקלדיק פליט דער עראָפּלאנ מיט א פארשניטענער ליניע אראָפּ, ווי אנ אוועקגעשטעלטער אפ רעלסנ. דידאָזיקע „רעלסנ" גייענ דורכ פונויבנ איבער א שטיק געדיכטנ וואלד, אָט־אָט רירנ זיי אָנ אָנ די צווייַגנ פונ דיביימער. אויב זיי רירנ אָנ, איז שלעכט. דעמאָלט — וועלנ מיר ניט דערפליִענ קיינ לאָנדאָנ, אונ ס'קאָנ זייַנ, אז ס'וועט שוינ ניט אויסקומענ זיכ צו „דערשלעפּנ" אפ טווערסקאיא 46, אינ הויפ, אפ דעמ דריטנ עטאזש, וווּ סע געפינט זיכ די „פּראוודא"

ניינ, זיי רירנ זיכ ניט אָנ. נאָר דער פאקט ווערט שוינ אופגענומענ אייבצייַטיק מיט דעמ שטויס אינ דער ערד, באטרעטנדיק הויכע זשמוטנ נאס גראָז.

א געצווונגענער אראָפּזעצ. אינמיטנ פעלד. אלצ אינ אָרדענונג.

נאָר וואָס פאר א סיבע? אונ מיט וואָסערע רעזולטאטנ?

די איינוווינער פונ קאבינע שפּרינגענ ארויס אפ דער לאָנקע רירעוודיק־פרייַ, מונטערדיק, אפילע העפלעכ. יעדערער באזונדער שטעלט פאָר מיט זייַנ אויסזענ א געדולדיקנ אונ פרייַנטלעכ־געשטימטנ אָנטיילנעמער פונ א זיצונג, אינ דעמ מאָמענט בייס באמ רעדנער האָבנ זיכ פארמישט די פאפּירלעכ פונעמ

באריכט, און ער, דער רעדנער, מאַכט אַ קליינע פּויזע איידער ער נעמט זיך פאַרזעצן ווייטער.

דער מעכאַניק רוסאַקאָוו דריקט אויס זיינע געפילן אין אַ מער אָפענער פאָרם:

— וואָלוול, כעוורע, האָבן מיר באַצאָלט. גוט, וואָס מיכאַיל מי־כיילִיטש האָט געטראָפן, ווי פון אַ ביקס אין טיר, אַפן דעם לאַנקע־פּלאַץ. ווען ניט דאָס, פאַרשטייט איר מיך, וואָלט ניט ווייט געווען צום קרעמאַטאָרי.

גראָמאָוו דערקלערט גאַנץ באַומרויקט, אַז אין צענטראַלן מאָטאָר איז ניט אַלץ אין אָרדענונג, און דערצו איז נאָך עפּעס אָנגעריירט אין דער אָנפּיר־סיסטעם. מיר זיינען זייער גליקלעך אַרויס, וואָס דאָס אַראָפּזעצן איז אַראָפּ אַזוי גלאַטיק און פּאַשעט.

דאָס שנעלע, נאָר אויספירלעכע אַרומבאַטראַכטן די מאַשין מאַכט גאָרניט קלאָר. קלאָר מאַכן די פעלערן קען מען, ווי סע שיינט, נאָר איינדערלופטן, באַם ווייטערדיקן פליען. און אַלע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע זעצן זיך אין שטאַרקער איילעניש צוריק איין אַפּ זייערע ערטער. מע מוז דאָך זיך דער־וויסן, וואָס איז דאָרט קאַליע געוואָרן. און אויב ס׳איז גאָרניט קאַליע געוואָרן, טאָ זאָל דער אַעראָפּלאַן, הונדערט רוכעס און אַיין מאַכשייפע אים אין פּאָנעם אַריין, פירן קיין לאָנדאָן.

ביז אַפּ היינט קען איך נאָך ווי ס׳געהער צו זיין ניט פאַר־שטיין די פּסיכאָלאָגיע פון די עלף מענטשן אַפּ דעם „אַנט—9“, וואָס, ניט קלאָר מאַכנדיק די סיבעס פון דעם געצוווּנגענעם אַראָפּלאָזן זיך אַפּ דער ערד, האָבן זיי גענומען און זיך מיט איילעניש אַוועקגעלאָזן ווייטער. מע קען נאָר זאָגן, אַ פּסיכאָלאָ־גיע איז דאָ געווען די סאַמע וואָכעדיקע, באַפּאַרבט נאָר מיט אַ געוויסער איילעניש־שטימונג, מיט טיפער זאָרג וועגן טערמינען, רעקאָרדן, וועגן דער צייט, וואָס איז נייטיק אַפּ אָפּשיקן קיין מאָסקווע טעלעגראַמעס און די לופט־פּאָסט. פון דער זייט קומט עס געוויס אויס לעכערלעך.

ווידער זײַנען מיר אינדערלופטן, און קעדיי זיך ניט אראָפּשלאָגן איבער דעם געדיכטן נעפּל פונעם וועג, זײַנען מיר געצווונגען זיך האַלטן בּאַ דער ליניע פונעם טײַך. נאָר מיטן אעראָפּלאַן איז ווידעראַמאָל ניט אַלצדינג גוט. נאָכאַמאָל — גראָמאָווס „וואָזגעניש" מיט אַלע רודערס און הענטלעך. אָפּגעגאַנען פאָרויס א קילאָמעטער 30 — קערן מיר זיך אום, לויט דעם ווי ס'ווײַזט דער פּייזאַזש, צוריק.

יאָ, אָט איז צוריק דאָס גרויסע. גלאַטע פעלד, אַפּ וועלכן מיר האָבּן מיט צוואַנציק מינוט צוריק בּאַטראַכט דעם אַפּאַראַט און זיך אויך. ס'א סוואָרע, ס'איז ניטאָ קיין אַנדער פּאַסיקער פּלאַץ, אַפּ אַזויפיל טאַקע ניטאָ, אַז מע האָט געמוזט זיך אומקערן צוריק אַהער, דער רועך ווייסט פונוואַנען? אַפּ דער פראַגע האָט זיך מיט א געווייסער צײַט שפּעטער בּאַקומען זייער א גינסטיקער ענטפער פאַר אונדזער פּילאָט גראָמאָוו...

ווידעראַמאָל א לאָז אַראָפּ צו דער ערד, ווייניקער ריזיקאַליש ווי פּריִער. מיר גייען אַצינד ניט איבּער בּיימער — נאָר דאָך מער בּאַרגאַראָפּיקער, זיגזאַגיש־געדרייטער. און אָט שטייען מיר ווײַטער אַפּ דער נאַסער לאָנקע, אונטער א גאָס־רעגן, ווײַזט אויס, ערגעץ אין א פּײַנ־פאַרוואָרפענעם העק. גראָמאָוו זאָגט: „ניט דערלאָזן ווײַטער צו פליִען בּיזוואַנען מיר וועלן ניט אַרומקוקן מיט א טאָלק די מאַשין און מיר וועלן ניט קלאָר מאַכן די סיבּע, פאַרוואָס שלײַדערט עס זי אַזוי שטאַרק אום". און אָט איז א בּאַגעגעניש מיט דער בּאַפעלקערונג אויך. א פאַסטעך פון א שכיינעסדיקן פעלד טיילט אונדז מיט וועגן דעם אָרט, ווו מיר געפינען זיך. מיר געפינען זיך פיר קילאָמעטער פונעם קליינשטעטל נעווער און צוויי הונדערט פופציק קילאָמעטער פון פּאַריזש.

צוויי פון אונדז לאָזן זיך אוועק צו דער שטאָט צו וויסן געבּן דער מאַכט וועגן אונדזער געצווונגענער אַראָפּשטײַג־סטאַנציע און געבּן א ידיִעה די, וואָס וואַרטן אַפּ אונדז אין לאָנדאָן. די

איבעריקע, ניט לייגנדיק קיין אכט אפ דעם רעגן, וואָס שמייַסט שטארק, קלעטערן אום ארום אפאראַט און איבער דעם אפאראַט, אויסנישטערנדיק דאָס צעבראָכענע אָרט, די סיבע...

די סיבע האָט זיך געפונען זייער גרינג — ס'ארא פארדראָס, וואָס יענע צוויי האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין דער רייַזע קיין נעווער. ס'האָט זיך עטוואָס אייַנגעבראָכן דאָס באַהעפט־טרייַבל פון דער אונטערשפּאר־ראמ אין דעם מיטעלן מאָטאָר, איבער דעם וואקלט עס דעם גאנצן מאָטאָר און ס'צעטרייסלט די מאשין, און דאָס צעשטערט דעם קאָנטאקט אין דער באוועגונג צווישן אלע טיילן. א האלבע שאָ ארבעט, און מיר וואָלטן ווייַטער זיך געקענט אופהייבן אינדערלופטן, און טאקע הייַנט פליִען ווייַטער.

נאָר די ארומיקע טונקלקייַט, און דער רעגן, און דאָס ווייַזערל אפן זייגער, האָבן, ווי ס'שייַנט, שוין ענדגילטיק צוגעצוואָקעט דעם פול־אימפּעטיקן „אנט — 9" צו דער ערד. פארשטייט זיך, ניט מער ווי ביז מאָרגן. נאָר ביז מאָרגן. מיר פארקלייַבן זיך אלע אין קאבינע ארייַן און באטראכטן מיט אומעטיקן אינטערעס די וואסער־שטראָמען אפ די שויבן פון די פענצטער.

דאָס וואַרטעניש דאכט זיך אויס אָן אן עק. נאָר ענדלעך ווערן מיר באלוינט, פינף פארשוינ דערנעענטערן זיך צו אונדז פון דער אבסאָליוטער פינצטערניש. די הויזן זייַנען בא זיי אונטערגעקאטשעט, די היט האָבן זיך אראָפּגעלאָזט פונעם רעגן, ווי זאָנטיקעס, דער גאנצער אויסזען איז ווייַט ניט קיין פאראדנער. ניט געקוקט דערופ האלט דער עלטסטער פון די אראָפּגעקומענע עפּעס ענלעכס צו א באגריסונגס־רעדע. ער שעצט זיך גליקלעך צוליב דעם פאל... אייגנטלעך, ניט גליקלעך, ווייַל מיט די הערן אוויִאטערס איז געשען ניט קיין געווונטשענער, באדויערנדיקער אָפּהאלט אינעם וועג... נאָר, ניין, ער איז, פונדעסטוועגן, גליקלעך, וואָס דער פאל איז געשען לעבן דער קולטורעלער שטאָט נעווער, ווו דעם אעראָפּלאן און זייַנע פאסא־

זשירן וועט אָפּגעגעבן ווערן פולע גאסטפרײַנטלעכקײַט. ער, דער נעווערער וויצע־פּרעפעקט, איז צופרידן פון דעם פאל פאָרצושטעלן זיך זײַן עקסעלענץ דעם זשענעראל זארזאר און אלע זײַנע הויכגעשעצטע מיטרײַזער, און נאָכן דורכקוקן דעם פּאס און די איבעריקע דאָקומענטן זיי קומען צוהילף מיט אלעס...

זשענעראל זארזאר ציט זיך אָפּ פונהינטן זײַן ארומגעריצעטן, פונעם רעגן צונויפגעשרופּטן פּידזשאק פון א בערלינער מאגאזין פון פּארטיקע קליידער און דאנקט אָנגעכמורעט פאר דעם קאָוועד.

די מאשין בלײַבט אונטער דער אופזיכט פון דער פעלד־זשאנדארמעריע. מיר שלעפּן זיך צופוס קיין נעווער—אן אומאנגענעמענער, קאָווערזנער וועג. אין דער פינצטער, איבער לאָנקעס, פארגאָסענע פונעם רעגן, איבער ריוועס, איבער שטעכיקן דראָט, וואָס צאמט ארום די פעלדער פון די פראנצויזישע באלעגופים. די דראָט־צוימענ גיבן זיך אמבעסטן אײַן דעם זשענעראל זארזאר—זײַנ לאנגער מאָגערער קערפּער קריכט שלאנגיש דורך פונהינטן, איבער דער ערד. א שרעק צו טראכטן, וואָס וועט ווערן פון זײַן פּידזשאק. ער וועט שוין לאכלוטן אָנווערן דאָס פּאָנעם פון א זשענעראלסקע פּידזשאק!

— זאָגט נאָר, איך בעט אײַך,—גאנוועט זיך ארײַן מיט א פראגע דער וויצע־פּרעפעקט. — פונוואנענ האָט דער מעסיע לע פּילאָט באקומען ידיעס וועגן דעם, אז דאָ איז דער אעראָדראָם?

— וואָסער אעראָדראָם?

— דאָרט, ווו איר האָט זיך אראָפּגעלאָזט.

— דאָ? אעראָדראָם? ס'איז דאָך א הויל פעלד, אָן צייכנס, אָן געבײַען?

— נו, יאָ. נאָר דאָס איז דאָס איינציקע אוויאַ־פעלד אפּ דעם גאנצן קרײַז. עמעס, פאראן נאָך אסאך גלײַכע פעלדער, נאָר זיי אלע זײַנען אסאך ערגער פון דעם מיט זייער אויבער־פלאך. דאָס האָט פאראיאָרן באשלאָסן א קאָמיסיע פון ספּעציאַ־

ליסטן פון פאַריזש און גענומענ די לאָנקע אַפּ אַ בירגערלעכן און מיליטערישן דיסקאָנט אַלס אַ רעזערוו־אַעראָדראָם. ווײַזט אויס, אז דער מעסיע לע פּילאָט האָט באַקומען אינפאָרמאַציע פונעם אוויאַ־מיניסטעריום.

איך האָב אפילע ניט געפּרווט איבערצײַגן דעם וויצע־פּרע־פעקט. וואָסער נאָרמאַלער וויצע־פּרעפּעקט וועט גיין גלייבן אין דעם, וואָס איז ווירקלעך אַן עמעס — אַז דער יונגער סאָוועטישער פּילאָט, דורכפליענדיק צום ערשטן מאָל איבער לאַכלוטן אַן אומבאַקאַנטער טייל פון אַ פרעמד לאַנד, האָט אין איין אויגנבליק אויסגעקליבן אַ אידעאַל אָרט אַפּ אַראָפּלאָזן זיך, וואָס נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אַ פאַרעגיסטרירטער רעזערוו־אַעראָדראָם?

און נאָכדעם גייט אַלץ אַפּן סאַמע פרידלעכסטן אויפן. ביזן סאַמע פרימאָרגן פירן מיר אַ שטילן באַלעבאַטישן לעבנשטייגער. און נאָר דער אָנטייל פון דעם רעדאַקטער פון „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" איז אונדז אַ באַוואָרעניש קעגן צוקונפטיקע באַשולדיקונגען אין איבערגעבורט־טענדענצן און אין אַרײַנוואַקסן אין שטוב־היימישקײַט. אינעם נעווערער האָטעל האָט מען אויסגעטרונקען און אָפּגעגעסן, נאָכדעם נאָכאַמאָל אויסגעטרונקען, און, ענדלעך, האָבן מיר זיך אַפּן סאַמע באַלעבאַטישן פּראָווינציעלן שטייגער אוועקגעלייגט שלאָפן. און אין דער צײַט, בייס איבער אייראָפּע שאָרשן בייזוויליק אום די ראַדיאָ־וואַלן, אַרײַנמורמלענדיק אין אַלע ווינקעלעך וועגן דער דראַמאַטישער קאַטאַסטראָפע מיט דער געהיימער לופט־שיפ, בייס דער טעלעגראַפּ קלאַפּט נערווייזש אויס שאָדנפריידיקע נײַס וועגן דעם ענדגילטיקן קראַך פון דער באָלשעוויסטישער לופט־יאַכטע, אין דערזעלבער צײַט פאָפן מיר אין ריזיקע בעטן, ווי די נאַרישע נאַיווע סוסליקעס...

און אַפּ אינדערפרי, נאָך פערציק מינוט פּאָרקען זיך מיט די טרײַבלעך, האָבן זיך ווידער צעשפּרייט אינדערלופטן די „ראַטנפליגל". אין קאַבינע טרינקט מען סעלצער־וואַסער, מע שרײַבט

בריוו, מע צייכנט, מע שלאָפט. ווידער גייט אוועק א בייגעלע מיט א נײַער אנקעטע: „נו, און הײַנט וועלן מיר דערפליִען קיין לאָנדאָן?״ דער אנקעטע־בויגן האָט זיך אומגעקערט מיט אזעלכע ענטפערן, וואָס ניט נאָר דרוקן זיי, נאָר אפילע ברענגען פארן מויל קאָן מען זיי ניט...

ניט פאָריבער קיין צוויי שאָ צײַט—שנײַדן מיר שוין איבער פאריזש. נידעריק זיך דורכגעטראָגן איבערן ארעאָפּאָרט לע־בור־זשע—א צייכן, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך נאָך פון פריִער צו־גויפגערעדט, קעדיי געבן צו וויסן אין אונדזער פּאָרשטייערשאפט און קיין לאָנדאָן. נאָך א שאָ—און די וואסערן פונעם לאמאנש זילבערן זיך שוין פאר אונדז פונונטן.

נאָך אונדזערע גרויסע יאַם־איבערפליִען זעט בא אונדז אויס דער דורכגוס צווישן ענגלאנד און פראנקרײַך ווי א נישטיקע קלייניקײַט. מיר גייען איבער אים דורך אָן קיינע פאסירונגען אין איינע צוואנציק מינוט. נאָר אין דעם עטאפ איז פאראן זײַן אוויִאָ־היסטאָרישער ארעמאט. פונקט מיט צוואנציק יאָר צוריק, אין יול 1909 יאָר, האָט דער יונגער אוויִאטער און קאָנסטרוק־טער בלעריִאָ אָפּגעטאָן דעם גרעסטן אקט אין דער געשיכטע פון דער אוויִאָטעכניק. אפ אן אפאראט פון זײַן אייגענער סיסטעם האָט ער איבערגעשניטן אינדערלופטן אָט דעם פאס יאם. נעכטן, אין דעם יובילײ־טאָג, האָט בלעריִאָ נאָכאמאָל, ווי מיט צוואנציק יאָר צוריק, זיך אראָפּגעלאָזט אין דוווער. נאָר שוין ניט אפ קיין לײַסטעלע ארומגעפלאָכטן מיט סטרונעס פון א פּאָרטעפּיאנע, נאָר אפ א מעכטיקן מעטאלישן לופט־קרייסער—די פּראָדוקציע פון זײַנע אייגענע זאוואָדן. ניט ווי א בראוו דרייסט באָכערל מיט רייצנדיקע שווארצע וואָנצעס, נאָר אלס סאָלידער געגאָלטער בורזשוא. און באגעגנט האָט אים דער מיניסטער פון אוויִא־ציע, דער ארבעטער־„לאָרד״—טאָמסאָן.

אונדז האָט הײַנט דערדאָזיקער לאָרד ניט באגעגנט. נאָר אפ דער ענגלישער ערד האָט זיך פונדעסטוועגן רויִק אראָפּגעלאָזט

דער ערשטער סאָוועטישער אעראָפּלאַן, א מעכטיקער געפליגל־טער גאַסט, א באַצייכנטער אַפ די פליגל מיט די האָזעדיק־איַינגעשפּארטע באַצייכענונגען „ס.ס.ס.ר.“ איז דעם איז אויך פאַראַן זײַן אַראָמאַט, אויב איר ווילט — אַן אַוויאָ־פּאָליטישער.

די באַשטעלטע פון אונדזערטוועגן קאַטאַסטראָפע איז ניט פאָרגעקומען. ווײַזט אויס, צוליב די סיבעס פון עם נאַסן וועטער...

דער איניען איז צונישט געוואָרן. ערשט שפּעטער, אינאָוונט פון דעמזעלבן טאָג, איז אויסגעקומען זיך אומקערן צו דעם איניען צוויי מאָל, צו אָנדערהאַלבן מינוט.

אנדריי ניקאָלײַעוויטש טופּאָלעוו, דער קאָנסטרוקטער פון אונדזער אעראָפּלאַן, וואָס איז נאָך פריִער געקומען צו פאָרן קיין לאָנדאָן אַפ דער אַוויאָ־אויסשטעלונג, האָט מיט אונדז איניינעם געגעסן מיטעק. נאָך דעם צווייטן געריכט, רעדנדיק פון עפּעס אַנדערש, האָט ער פּלוצעם א פרעג געטאָן:

— יאָ, וואָס איז דאָס בא אײַך געווען פאַר א געשיכטע מיט דעם אַראָפּלאַז?

האָט מען אים דערציילט.

— דאָס אינגאַנצן? און איך האָב געמיינט! נו, דערציילט נאָר ווײַטער מיקויעך די דײַטשישע הידראָ־אעראָפּלאַנען, זייער אינטערעסאַנט...

און נאָך. אין וועסטיביול פון דעם סעסיל־האָטעל, בײַס איך האָב גענומען דעם שליסל פון מײַן צימער, האָט מען מיך אָנגערירט באַם אַקסל. א ברייטפּלייציקער מאַנספּאַרשוין אין א הארטן הוט, מיט א ריזיקער ברוסט פון א באָקס־אַטלעט און מיט א רויט פּאָנעם, שמייכלענדיק ברייט פון איין אויער ביזן אַנדערן, האָט א רעד געטאָן אַפ א באַס, מיט א שאָטלענדישן אַקצענט:

— איך וויל אײַך בעטן, סער, ווי א קאָלעגע זשורנאַליסט, מיר מיטיילן די ידיעות וועגן אָט דעם אינטערעסאַנטן באַלשעוויסטישן פלי־רייס.

— זייער פײַן. פאַר וועלכער צײַטונג?
— „דיילי־עקספּרעס״, סער.
ס׳האָט זיך געגלוסט דערלאַנגען מיט עפּעס א שווערער זאַך. נאָר אין האַנט אַנז געווען דער גרויסער צײַטונגס־בויגן, געדיכט באַפּינטלט מיט ליגנס. איך האָב צונויפגעלייגט די צײַטונג און האָב זי אונטערגעטראָגן דעם אטלעטישן פּאַרשוין אינעם האַרטן הוט מיט יענעם אָרט, פונוואַנען ס׳האָט אַראָפּגעשײַנט די נאָטיץ וועגן דער קאַטאַסטראָפע מיט דעם געהיימניספולן אעראָפּלאַן.
— יאָ, ו״ער... ס׳האָט זיך באַקומען א גרײַז. איך האָף, אַז... איר זײַנט דאָ.., פונדעסטוועגן, געקומען צו פליִען... מע וועט קאָנען אָנווײַזן...
ארויסגעשטעלט אפצופריִער די נאָטיץ, האָב איך אָן ווער־טער אָנגעגרײַפט מיט איר, ווי מיט געווער. דער „קאָלעגע״ האָט א זיפץ געטאָן, צעפירט מיט די הענט און ריט־מיש פאַרנייגנדיק זיך מיטן קאָפּ, גענומען זיך רוקן אַפּ צוריק צום ארויסגאַנג. דורכגעשאַרט זיך פאַרבײַ די בלענדנדיקע לאַמ־טערנס און דעם פּאַזומענטיש־גלאַנציקן שווייצאַר, האָט ער מיט־אַמאָל אָנגערוקט אַפּ זיך דעם האַרטן הוט און ווי א געניטער שווימער זיך א טוק אונטער געטאָן אין דער זודיקער געדיכ־טעניש אַפּ דער גאַס.

---

# לופט־אינזשענערן

געדעכט זײַנען די היסטאָריקער, ווען זיי פארזיכערן, אז פּיאָטער דער גרויסער האָט ליב געהאט פוסטע פאנטאזיעס. אָט האָט ער אפילו זײַן פאלאץ אפ יענער זײַט „טווערסקער זאסטאווע" אין מאָסקווע אויסגעבויט אין דער פאָרם פון א רינג, ריכטיקער — ווי א קײַלע־כיקע פידקאָווע. וואָס האָט מיט דעם געמיינט צו זאָגן פּיאָטער, וואָס האָט ליב געהאט „פוסטע פאנטאזיעס", וואָס פאר א אָנצוהערעניש האָט ער דאָ געגעבן — איז ניט באוווסט, נאָר באקומען האָט זיך גאנץ שיין.

אין א הונדערט יאָר ארום האָט אינעם פּיאָטער־פאלאץ אינעם ווינקלדיקן צימער פארבראכט נאפּאָלעאָן אויך. פונדאנען האָט ער געקוקט, ווי מאָסקווע ברענט. וועגן וואָס האָט ער דעמאָלט געטראכט — איז אויך ניט באוווסט. נאָר א בילד איז דעמאָלט, ווי סע שײַנט, אויך געווען א שיינס.

און אין א הונדערט יאָר ארום קומען אין דעמזעלבן פּיאָטער־נאפּאָלעאָנישן פאלאץ פאָר, שוין גאָר פון אן אנדער מין, נאָר ווידעראמאָל גאנץ ווונדערלעכע און, לויט אונדזער מיינונג, ניט ווינציקער שיינע זאכענישן.

לעבן דער וואנט שטייט א מיליטער־מאן.

אפ דער וואנט — גוואלדאָוונע־גרויסע, געדיכט און דין, ווי מיט שפּינוועבס, מיט צייכענונגען באדעקטע לײַלעכער מיט סכעמעס, טיילן, דעטאלן.

מיט א לאנג טײַטל גראָבט זיך דער מיליטער־מאן ארײַן אין סאמע געדיכטעניש פון דעם שפּינוועבס, אין דעם „איינגעווייד" פון די אפּן פאפּיר אָנגעצייכנטע מאשינעס — און דערקלערט, ארגומענטירט, פארפינקטלעכט.

דעם מיליטער־מאנ מישפעט א גאנצע סאנעדרע פונ עקזאמענירערס. פאראנ דאָ קוטשעראוו־בערדיקע פראָפעסאָרנ, אונ גיפטיקבייזע טעאָרעטיקער, אונ ניכטערדיקע שטרענג־ערנסטע פראקטיקער.

זיי פארגיבנ אלצ נייַע אונ נייַע פראגעס, טשעפענ זיכ מיט טייַנעס, קריטיקירנ דאָס, וואָס איז אויסגעמאָלט אפ די בויגנס, אונ דער מיליטער־מאנ—אינעווייניק אינ זיכ איז ער אופגערעגט ביז לעצט, באגיסט זיכ מיט דעם זיבעטנ שווייס, נאָר אויסערלעכ איז ער קאָרעקט, ענטפערט גרויסארטיק־העפלעכ, פארטיידיקט, דערווייַזט.

ניטאָ, דאכט זיכ, קיינ עק אונ קיינ סאָפ צו אָט די אייַנגעגעסענע, פארדרייטע, אינ אלצ ארייַנדרינגענדיקע פראגעס.

דאכט זיכ, אָט וועט דער מיליטער־מאנ אונ זייַנע צייכענונגענ באלד א קראכ טונ, א פאל טונ אונטער דעם אומופהערלעכ־אייַנגעשפארטנ אוראגאנישנ פייַער פונ פראגעס אונ באמערקונגענ.

נאָר די פעסטונג איז אייַנגעשטאנענ. די עקזאמעניר־קאָמיסיע איז מיטאמאָל אנטשוויגנ געוואָרנ. דעם פראָיעקט אונ זייַנ שוינ אינגאנצנ נאס געוואָרענעמ פארטיידיקער באשענקט מענ מיט ליבשמייכלענ. אפ זייַנ אָרט קומט אָנ אנ אנדערער, אויכ א מיליטערישער, אויכ א יונגער, אויכ מיט צייכענונגענ.

ווער זייַנענ עס אָט די מענטשנ מיט די צייכענונגענ?

לויט דער פראָפעסיע—אינזשענערנ, קאָנסטרוקטערס, בויערס פונ עראָפלאנענ אונ מאָטאָרנ.

לויט זייער סאָציאלער אָפשטאמונג... דאָ, וויפל דו זאָלסט זיכ ניט דרייענ, פונ וווּנדער וועסטו זיכ ניט אויסדרייענ.

ביז דער רעוואָליוציע—דאָס קאָנ מענ דורכקאָנטראָלירנ, בלעטערנדיק די פארגעלטע בענדער פונ דער אלטער „ניווא"—ביז דער רעוואָליוציע איז אינ גאנצ רוסלאנד געווענ צוויי־דרייַ אוויאָבויערס. דער פראָפעסער זשוקאָווסקי, דער אינזשענער סיקאָרסקי אונ דער גענעראל קאָוואנקאָ.

זיי האָבנ זיכ גערעכנט פאַר מענטשנ פונ געטלעכער אָפּשטאַ־מונג אונ ארומגערינגלט זייַנענ זיי געווענ מיט א ניט־ערדישנ רום.

דער גענעראַל קאָוואַנקאָ האָט אָנגענומענ קאָוועד מיט גרויס כיישעק, ליב געהאט דעמאָנסטרירנ פאַר די פאָטאָגראַפנ די צוויי בלענדנדיקע שפּיצנ פונ זייַנ גענעראַלסקע באָרד. סיקאָרסקי האָט געהאַלטנ מער פונ דעמ ווערטפולנ געלט, איידער פונ ווייניק ווערטפולער רעקלאַמע, אונ איינגיכנ איז ער איינגאַנצנ אפּ שטענ־דיק אָפּגעפאָרנ אינ לאַנד פונ די דאָלאַרנ. אונ נאָר דער ווירקלעכ געלערנטער, דער פּראָפעסער זשוקאָווסקי, האָט גראָב גערעדט, געשפּיגנ אי אפּ קאָוועד, אי אפּ געלט. ער האָט אָפּגע־געבנ זייַנ לעבנ דער וויסנשאַפט, אונ דעמ פאַרזיי פונ זשוקאָווס־קיס וויסנשאַפטלעכער אַרבעט שנייַדט אַצינד דאָס ראַטנלאַנד אינ דער אַקאַדעמיע אפּ זייַנ נאָמענ.

צומ יאָרטאָג פונ איר גרינדונג לאָזט ארויס די מיליטערישע לופט־אַקאַדעמיע נייַנ אונ דרייַסיק פאַרענדיקטע דיפּלאָמירטע אינ־זשענערנ פונ אוויִאַציע, נייַנ אונ דרייַסיק געבילדעטע מענטשנ, וואָס קאָנענ בויענ לופט־שיפנ, מאַכנ צו זיי מאָטאָרנ, זיי באַוואָפענענ לויט דעמ לעצטנ וואָרט פונ דער מיליטערישער טעכניק.

אונ אַלע נייַנ אונ דרייַסיק מאַנ זייַנענ ווייַט ניט פונ קיינ געטלעכער אָפּשטאַמונג.

אינ אַקאַדעמיע לערנענ זיכ, די אַקאַדעמיע ענדיקנ גלענצנ־דיק אונ אינזשענערנ פונ דער סאַמע קאָמפּליצירטסטער אוויִאַ־אינדוסטריע ווערנ—ניט קיינ פאָרשטייער פונ די „איידל־געבוירטיקע" אַריסטאָקראַטישע קלאַסנ, די איינציקע, לויט דער טעאָריע פונ די בורזשואַזע סאָציִאָלאָגנ, וואָס זייַנענ נאָכ אימשטאַנד צו פירנ פאָרויס די טעכניק אונ קולטור. דער עמיג־ראַנטישער פּראָפעסער פּיטירימ סאָראָקינ פאַרזיכערט, אז דער פּראָלעטאַריאַט איז לויט זייַנ נאַטור אַזוי טעמפּ, אז ער איז ניט אימשטאַנד צו שאַפנ וואָסער ס'ניט איז קולטור. אונ אינ דער

מיליטעריִשער לופט־אקאדעמיע לערנענ זיכ אונ ענדיקנ, גאָרניט האָבנדיק קאָנטאקטירט די פראגע מיט פיטירימענ, ארבעטער אונ פויערימ.

אָט, אָט דער, וואָס מיטנ טײַטל בא די צייכענונגענ... אנ אר־בעטער. א קאָמוניסט. א סאָלדאט פונ דער רויטער ארמיי. ער האָט אנ אָרדענ. נאָכנ בירגער־קריג האָט ער געפירט א פאָליט־ארבעט, געהאַלטנ רעדעס אפ פארזאמלונגענ. אונ לויט פיטירימ סאָראָקינס לאָגיק האָט ער מער צו גאָרניט ניט געטויגט. נאָר פלוצימ האָט ער אינ פינפ־אונ־צוואנציקסטנ יאָר זיכ א נעמ געטאָנ צו טעכניק, אונ איצט, אינ פיר יאָר ארומ, גייט ער ארויס פונ די אקאדעמיע־טויערנ אלס אינזשענער אונ פארטיידיקט גלענצנדיק זײַנ דיפלאָמ־פראָיעקט.

ארבעטער, פויערימ, באטאָג אונ באנאכט, אינ צוויי וואכטעס, אָנ זונטיקדיקנ איבערײַס, לערנענ זיכ אליינ אונ לערנענ אנדערע, וויאַזוי צו בויענ אונ טרײַבנ לופט־שיפנ, וויאַזוי צו באַ־שיצנ מיט זייער הילפ זייער לאנד. אליינ באטאָג אונ באנאכט בויענ זיי פלי־מאשינעס, אוויִעטקעס, פלאנירערס, גליסערס, מאָ־טאָרנ. שאפנ נײַע קאָנסטרוקציעס אונ בעסערנ אויס די אלטע.

אנומלטנ האָט באזוכט די אקאדעמיע אנ אָנפירער פונ דער גרעסטער אמעריקאנישער אוויִאָ־פירמע. מע האָט אימ אומגעפירט, געוויזנ אייניקע זאכנ. צווישנ אנדערנ האָט מענ אימ ארײַנגעפירט אינ א ווארשטאט:

— אָט זעט, מיר פארפולקומענ א מאָטאָר פונ אײַער מארקע!

— וואָס הייסט פונ אונדזער מארקע? אנו, אנו, אינ וואָס באשטייט עס?

די זאכ איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס אונדזערע רויטע אקאדעמיקער, אינ אָרדענונג פונ וואָכעדיקע פראקטישע לימודימ, האָבנ צענומענ אפ שטיקעלעכ דעמ אמעריקאנער מאָטאָר אונ האָבנ אויסגעארבעט צו אימ א גאנצע ריי אויסבעסערונגענ, וועלכע דער איבערראשטער אמעריקאנער האָט דאָ אפנ אָרט גענומענ בעטנ,

מע זאָל זיי אָפּגעבן פאר זײַן פאבריק, פאַרלייגנדיק באַצאָלן פארג פּאטענט.

אויב אפילו פאר דער אמעריקאנער טעכניק געפינט זיך אין דער אקאדעמיע אפּן נאָמען פון זשוקאָווסקין מיט וואָס זיך צו באנוצן — וואָס איז שוין דאָ צו ריידן פון דער סאָוועטישער! די אינזשענערן אין גימנאַסטיאָרקעס באַנעמען זיך ניט אלס איזאָלירטע מיליטערישע קאסטע. זיי ארבעטן גערן פאר די נויטן פון דער פרידלעכער סאָוועטישער אינדוסטריע, פילן אויס אַ בארג מיט וויסנשאפטלעך-אויספאָרשערישע אופגאבעס אין געביט פון ווידערשטאנד פון מאטעריאַלן, אינדוסטריעלע כעמיע, מעטאַל־באארבעטונג, אעראָהידראָדינאמיק, מעטעאָראָלאָגיע, באוועגערס פון אינערלעכן ברענען, פון וואָס איר ווילט. זיי רעווידירן שטרענג די גאנצע מײַרעוו־אייראָפּײִשע טעכנישע דערפארונג פון דעם שטאנדפּונקט, וואָס איז באדינגט פון דעם סאָוועטישן זעקסטכיילעך וועלט.

אויב מיר וועלן בלינדערהייט (ווי זי שטייט און גייט) איבערגעמען די אויסלענדישע קענטעניש, וועט די געוויינלעכע אוויאַ־גומע פארהארטעוועט ווערן אפּן רוסישן פּראָסט, און די געוויינלעכע אווטאָמאָביל־רעדער וועלן פאריזנעט ווערן אין אונדזערע ווילדע זומפּ־בלאָטעס. מע דארף אויסבעסערונגען — וועגן זיי זאָרגט, וועגן זיי שלאָפט ניט דורך די נעכט די אקאדעמיע.

דאָ ניט לאנג האָט זיך דורכגעריזעט אַ וועג אין אקאדעמיע ארײַן אַ פרעמד ווערעמל. אזא מין כאָשעווער וואָרעם מיט גרויע האָר און גאָלדענע ברילן...

אפּן פּראָצעס פון די אָנפירער פון דער „אינדוסטריעלער פארטיי" האָט דער באשולדיקער יקרילענקאָ פארגעבן אַ פראגע דעם באשולדיקטן פּראָפעסער קאליניקאָוו:

— נו, און אין דער אקאדעמישער טוויוע, אין אָרדענונג פון אונטעריכט, לעקציעס לייענען, האָט איר, לאָמיר זאָגן, פאַר־

זיכטיק, נאָר פונדעסטוועגן דורכגעפירט באשטימטע פּאָליטישע אי־דייען פון אן אנטיסאָוועטישן כאראקטער?

דער באשולדיקטער קאַליניקאָוו האָט אָפּגעענטפערט קאָ־רעקט:

— איך האָב געלייענט אין דער בארג־אקאדעמיע א טעכנישן קורס — ווידערשטאנד פון מאטעריאלן. דאָרט איז אין קיין פאל ניט מעגלעך געווען צו בארירן די פראגע פון עקאָנאָמיע, ווייל דאָס איז אינגאנצן א רעכענונגס־קורס. ווען איך פּרוּוו זיך מיט עפּעס וואָס ארופירן דעם שמועס אף אזא טעמע, וואָלט דאָס ארויסגע־רופן גרויסע פארוואונדערונג מיצאד דער אאודיטאָריע. וואָס איז שייעך דער אאודיטאריע פון דער מיליטערישער לופט־אקאדעמיע, איז דאָרטן אינגאנצן געווען אומעגלעך בארירן אזעלכע פראגעס, מאכמעס דער אזויגערופענער שעפ פונעם קורס האָט ספּעציעל קאָמאנדירט איינעם פון דעם אקאדעמישן קאָמקעמערל, וואָס האָט די גאנצע צייט קאָנטראָלירט אלע אונדזערע מינדלעכע אונטעריכט־שמועסן, — אזוי, אז איך האָב זיך דאָס ניט געפּרוּווט טון.

אָרעמער פּראָפעסער קאַליניקאָוו! אין וואָס פאר אן אומדערטרעג־לעך־שווערע באדינגונגען די ראטנמאכט האָט אים אוועקגע־שטעלט!

אין דער בארג־אקאדעמיע — זיי אזויפיל גוט לייענען א ריינעם רעכענונגס־קורס — דורכויס פאָרמולעס, דעצימאלע ברוכצאָלן, קוואד־ראטע און קובישע וואָרצלען.

אין דער מיליטערישער לופט־אקאדעמיע — דאָרט האָט מען אינגאנצן ניט געקענט ארויסברענגען קיין וואָרט. ס'זיצט א ספּע־ציעלער פאָרשטייער פון דעם קאָמקעמערל און קאָנטראָלירט. נאָך יעדער שמועס שפּירט ער נאָך, אָט דער הונט!

ווי מיר ווייסן, האָבן די פאָרשטייער פון די אויסלענדישע שטאבן זייער דרינגענדיק געפאָדערט פון די פירער פון דער „אינדפּארטיי", און באזונדער פון קאַליניקאָוון, איינצושטעלן פארבינדונגען אין דער רויטער ארמיי. מע האָט מיט אלע קויכעס

געדריקט אפ די שעדיקער, געפאָדערט צו באשאפן א באזונדערע מיליטערישע קאָמיסיע, געזוכט מיטלען צו אָרגאניזירן א גאנצע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע שעדיקונג־נעצ אינ די שטאבן, מיליטערישע שולן, אינ די רויטארמייִשע טיילן.

אויב שמועסן מענטשלעך — צי האָבן שוינ ניט צופיל געפאָדערט די אויסלענדישע באלעבאטימ פונ זייערע שוינ אָנ דעמ אויך פאריאָגטע, פארשוויצטע פריקאזשטשיקעס, שוינ צומ איבעריקן זיי פארדולט.

דעמ בעקאָוועדיקן גרייַז־גרויען פראָפעסער איז געווען גרינג זיך דורכשמועסן שטילערהייט מיט פארשוינען פונ זייַנ קאָמפאניע ערגעצ־ווו אינעמ קאבינעט־ווינקל פונ זייַנ אנשטאלט. ניט שווער איז געווען אינ וועסטיביול פונעמ קאמער־טעאטער אריַינרוקן דעמ אויסלענדישן אגענט ארויסגעגאנוועטע סעקרעטע מאטעריאלן.

נאָר דערזעלבער פראָפעסער, מיז די מיליוקאָווישע וואָנצעס, זאָל ארויסטרעטן אפ א מיטינג אינ קאזארמע אונ רופן די רויטארמייער אופהייבן די דרייַקאָלירנדיקע פאָנ פונעמ „טאָרגפראָמ״ (אינדוסטריִעלער האנדלס־קאָמיטעט)... אוי, דאָס עפעס ניט! אינ קיינ פאל קענען מיר זיך אזעלעכס ניט פאָרשטעלן. ס'גלייבט זיך ניט, אז ער, קאליניקאָוו, זאָל אפילע וואגן עפענען דאָס מויל פאר אזעלכע צוהערער.

נו, נאָר אויב ניט פאר די רויטארמייער — זאָל כאָטש זייַנ פאר די מיליטערישע רויטארמייִשע אינזשענערן פונ דער מיליטערישער לופט־אקאדעמיע. דאָרט איז די ארומיקע סוויווע, קאָנ מענ זאָגנ, א מער פאסיקע.

ווי געדריקט האָבן אינ די געשעפטלעכע באגעגענישן אפ קאליניקאָוונ זייַנע פראנצויזישע פרייַנט, אָט די פונ הייַנט אָנ בארימט געוואָרענע הערנ ק. אונ ר.! ווי געמוטשעט זיי האָבן אימ אינ צוזאמענהאנג מיט דער לופט־אקאדעמיע...

— אוויִאטערס, אינזשענערנ, אונ נאָך דערצו מיליטערישע — איר פארשטייט, פראָפעסער, ווי דאָס איז וויכטיק! איר זייַנט זייער

לֿעקטער, לֿערער, זיי זײַנען אײַערע שילֿער—געשיקט זיך, אז איר קאָנט ניט פארווערבירן כאָטש א צוויי טוץ, נו, א טוץ, נו כאָטש זעקס שטיק? כאָטש א פינף מילֿיטערישע אוויאַ־אינזשענערן אריבערציִען אף אונדזער זײַט—דאָס איז אבסאָלֿיוט נייטיק פאר דער אלֿגעמיינער זאך, פראָפעסער! פראנקרײַך קאָן זײַן דאנקבאר, פראָפעסער! אפילֿע פיר, נו, דרײַ פארווערבירטע רויִטע אוויִאטערס, באוואָרענען פאר אײַך אן אָרדען פון דעם ערן־לֿעגיִאָן.

דער פראָפעסער האָט געצופט די ווײַסע זײַדענע וואָנצעס.

— איך קאָן ניט, מײַן ליבער מעסיע ק. דאָס איז פאָשעט אומעגלֿעך.

— פראָפעסער!.. איר, בא אײַער איידעלֿער מאניר פון איבערצײַגן, בא אײַער פעסטער לֿאָגיק, בא אײַער געטלֿעכן פארשטאנד,—געשיקט זיך, אז איר, דער באצויבערנדיקסטער גע־שפרעך־מענטש פון אונדזער צײַט, איר זאָלֿט ניט קענען צוציִען אין נאָמען פון דער וווּנדערלֿעכער פראנקרײַך כאָטש א צוויי פון אָט די גראָבע, טעמפע באָלֿשעוויקעס?

דער פראָפעסער האָט אומעטיק אריבערגעקוקט פון הינטער די אָוואלֿ־גלֿעזלֿעך פון זײַנע פענסנע.

— צום באדויערן, טײַערער פרײַנט, קאָן אפילֿע דער סאמע שענס־טער פראָפעסער ניט געבן פראנקרײַך מער פון דעם, וואָס ער האָט.

— נעמט עס דער טײַוול!.. גיט אונדז כאָטש איינעם פון אָט דער רויטער באנדע! כאָטש איין איינציקן פאר דעם געלֿט, וואָס איר האָט בא אונדז ארויסגעפאָמפעט. פארוואָס קאָנט איר דאָס ניט מאכן?!

— ריין אָביעקטיווע סיבעס שטערן.

— א דאנק אײַך, איוואן אנדרייעוויטש. וואָס איז דאָס פאר א מין רוסישע מאניר—אלֿצדינג אין דער וועלֿט מאכן אָפהענגיק פון אָביעקטיווע סיבעס. וועלֿכע סיבעס? ווי סאמע?

— אף מײַנע לֿעקציעס זיצט שטענדיק א פאָרשטייער פון קאָמקעמערלֿ. ער קאָנטראָלֿירט יעדער וואָרט. לֿאָזט קיין פיפס ניט

טונ. איכ בינ גרייט מיט אלע קאָוועדנ, נאָר איכ קאָנ ניט פירנ קיינ שום אגיטיר־ארבעט. פּאָשעט פּיזיש גיט זיכ ניט איינ קייגעם צו באארבעטנ...

קיינ שום קאָנטראָליאָר פונ דעם קאָמקעמערל איז אפ די לעקציעס אינ דער מיליטערישער לופט־אקאדעמיע, פארשטייט זיכ, ניט געווענ. ניט אינ דער מיליטערישער לופט־אקאדעמיע, ניט אינ וואָכער ניט איז אנדערער מיליטערישער, אונ ביכלאל — אינ קיינ שום סאָוועטישער אקאדעמיע אָדער שול. אָכ אונ ווי וואָלט שוינ דעמאָלט געווענ, ווענ אפ דעם פערצנטנ יאָר פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע וואָלט אונדז אויסגעקומענ פירנ דעם אונטעריכט אינ די שולנ מיט אזעלכע מעטאָדנ.

ניט געווענ קיינ שום פּאָרשטייער פונ דעם קעמערל בא קאָ־ליניקאָווס לעקציעס. דער פּראָפעסער איז געווענ פריי פונ אזא קאָנטראָליאָר. פארוואָס־זשע האָט דער כאָשעווער אָנפירער פונ דער „פּראָמפּארטיי" פונדעסטוועגנ זיכ ניט דערוואגט פאנאנדער־צושפּרייטנ קיינ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ארבעט?

דערפאר, וואָס אנשטאָט איינ קאָנטראָליאָר האָבנ אימ ארומגע־רינגלט הונדערטער קאָנטראָליאָרנ.

קאליניקאָוו האָט ניט פארשטאנענ, אָדער האָט געמאכט אנ אָנ־שטעל, אז ער האָט ניט פארשטאנענ: דאָס קעמערל — דאָס איז ניט קיינ אָרגאנ, וואָס איז אוועקגעשטעלט איבער די פארטייער צוליב אופזיכט איבער זיי. דאָס קעמערל — דאָס איז א צוזאמענפארייניקונג פונ די פארטייער אליינ, זייער קעגנזייטיקע פארבינד־אָרגאניזאציע.

אינ דער מיליטערישער אקאדעמיע א. נ. פונ זשוקאָווסקינ איז, פארשטייט זיכ, פאראנ א קאָמקעמערל. פארשטייט זיכ, אז דאָס קעמערל האָט א גרויסע ווירקונג אפ דעם אלגעמיינ־אקאדעמישנ לעבנ אונ אפ די לימודים. נאָר דורכפירנ זייג ווירקונג פירט דאָס דורכ ניט אלס קאָנטראָליאָר.

יעדער צוהערער פונ דער אקאדעמיע אפנ נאָמענ פונ זשו־קאָווסקינ, יעדער רויטער מיליטערישער פּילאָט אונ לופט־אינזשע־

נער, דער פאַרטייִשער און דער אומפּאַרטייִשער, שטייען אַפּ אַ
גענוגער הייך, קעדיי צו זייַן אַ פילבּאַרער אופנעמער פון דעם
אלעמען, וואָס מע האָט זיי איבּערגעגעבּן פון דער קאַטעדרע.

און מע דאַרפּ דאָס צ:רעכענען צו דער ערע פון אונדזערע
לופטלער, צו דער ערע פון דער רויטער אַרמיי אינגאַנצן געגר־
מען: דער כאָשעווער איוואַן אַנדרייעוויטש קאַליניקאָוו איז געווען
דערגרונטעוועט און אָפּגעשאַצט אַזוי, ווי אים קומט און לויט
זייַן פאַרדינסט, אין דער מיליטעריש־לופטפליִערישער סוויווע—נאָך
מיט אַ לאַנגער צייַט פאַר דעם, איידער מע האָט אופגעדעקט זייַן
אָנגעהעריקייַט צו דער באַנדע שעדיקער און אינטערווענטן.

וועגן דעם זאָגן איידעס לעבּעדיקע מענטשן, צוהערער פון
דער אַקאַדעמיע, וועגן דעם זאָגן איידעס לעבּעדיקע דאָקו־
מענטן.

קימאַט צוויי יאָר צייַט האָט קאַליניקאָוו געלייענט אין דער
אַקאַדעמיע אַ קורס פון מאַטעריאַל־קענטעניש, און קימאַט בּיידע
יאָר האָבּן בּאַ אים מיט דער גאַנצער מאַסע צוהערער זיך אופּ־
געהאַלטן קאַלטע אָנגעשטרענגטע קעגנזייַטיקע בּאַציִונגען. דידאָ־
זיקע בּאַציִונגען פלעגן זיך דורכרייַסן מיט קאָנפליקטן, און מיט
גאַנץ שאַרפע.

עטלעכע מאָל האָבּן די צוהערער פון דער אַקאַדעמיע
געמאָלדן, אַז קאַליניקאָוו לייענט זייַן קורס צופיל עלעמענטאַר
און פּוסטלעך, גיט ניט קיין גענוגנדיק הויכע מאָס קענטע־
נישן.

קאַליניקאָוו האָט דערופּ געענטפערט, אַז ער רעכנט אַזוי אויך
זייַנע לעקציעס פאַר צו שווער פאַר „אַזאַ" אַאודיטאָריע. „אַזאַ אָ"
אַאודיטאָריע האָט ניט קיין רעכט צו האָפן אַפּ עפּעס מער צוליבּ
דעם נידעריקן אַרבּעטער־פויערשן ניוואָ פון אירע אַלגעמיינע
קענטענישן.

די צוהערער פלעגן דערופּ ענטפערן, אַז כאָטש דער אָפּשטאַם,
פונוואַנען זיי שטאַמען, איז טאַקע אינדערעמעסן ניט קייַן „איידלגע־

בודטיקער״ נאָר זיי האָבן דורכגעמאַכט א קורס פון הויכער מאַ־טעמאַטיק, אין פאַרנעם פון א „ווטוז״, און זיי פאָדערן ווירקלע־כע קענטעניש וועגן אוויאָ־מאַטעריאַלן. אָפענע רייד, אָן אונטער־שיסעלעך.

נאָך אין מיי 1929 יאָר האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די צוהערער פונעם צווייטן קורס פונעם אינזשענערישן פאַקולטעט באַשטימט: „קאָנסטאַטירן די ניט־באַפרידיקנדיקע דורכפירונג פונעם קורס באַם פּראָפעסאָר קאַליניקאָוו, באַזונדערס אין זיין טעאָרעטישן טייל. דעם פּראָפעסאָר קאַליניקאָווס לעקציעס האָבן גאָרניט געגעבן צוליב זייער אָפּגעריסנקייט פון דער אַרבעט אין דער לאַבאָראַטאָריע, שלעכטער מעטאָדיק, אָפטן פאַרשפּעטיקן און דורכלאָזן״.

נאָך איינעם פון קאַליניקאָווס קורסן האָט די מעטאָדישע קאָ־מיסיע אנערקענט דעם פאַרנעם פון די באַקומענע קענטענישן פאַר ניט גענוג און האָט באַשטימט אויסהערן נאָך א צוגאָב־קורס.

ספּעציעל באַזונדער האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דעם „אייזנבאַן־אָפּנויג״ אין קאַליניקאָווס לעקציעס. די צוהערערס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער ניט גאָר פאַרשטענדלעכער מאַניר פון זייער פּראָפעסאָר — נעמענדיק זיך איבערלייענען א קורס וועגן מאַטעריאַלן צו אַעראָפּלאַנען, גאָר בעבען און ריידן אויסשליסלעך וועגן אַקסן פון וואַגאָנעס, וועגן דער קוואַליטעט פון רעלסן און דער פעסטקייט פון פּאָדשיפּניקעס באַ א לאָקאָמאָטיוו. דער הויך־געלערנטער איוואַן אַנדרייעוויטש האָט זייער מאָדנע אונטערגערוקט אַנשטאָט די לופט־וועגן מיט גריבער און הרודעס די גלייך איינגעטראַמ־בירטע אייזנבאַן־גרונטן.

די אָנפירונג פון דער אַקאַדעמיע און די סטודענטישע אָר־גאַניזאַציעס האָבן אָנגעהויבן דריקן אַפן פּראָפעסאָר. מע האָט אים געבעטן אַביסל ווייניקער כאַלטורעווען. קאַליניקאָוו האָט זיך אַפּ טויט באַליידיקט, געמאָלדן, אַז קעגן אים פירט זיך אַן אינ־

טריגע און אז ער געפינס ניט פאר מעגלעך און פאר נייטיק אָפּצו־געבן דער אַקאַדעמיע מער צייַט און מער קויעך, ווי דאָס, וואָס עס בלייַבט אים נאָך דער אָנגעשטרענגטער און פאַראַנטוואָרט־לעכער פּאָליטיש־וויכטיקער טעטיקייַט אין מעלוכע־פּלאַן און אין אַנדערע מעלוכע־אַנשטאַלטן.

און אינגיכן, שוין פון דעם באַשולדיקונגס־אַקט און פון די געריכט־איבערזיכטן, האָט זיך די אַקאַדעמיע דערוווּסט, וואָס עס האָט אינטערעסירט דעם פּראָפעסאָר קאַליניקאָוו זיך באַציִען מער געוויסנהאַפטיק צו זייַן פּעדאַגאָגישער אַרבעט.. ס׳איז גע־וואָרן באַוווּסט, אין וואָס אינטערעסירט איז באַשטאַנען די דאָ־זיקע פּאָליטישע און מעלוכיש־וויכטיקע טעטיקייַט פון איוואַן אַנדרייעוויטשן. פאַר די רויטע מיליטערישע אַוויִאַטאָרס—פאַרעל־טערטע פּוסטע באַנאַליטעטן פון אַלטמאָדישע לערנביכער וועגן אַקסן פון וואַגאָנעס. דעם הער ק. פון א געוויסן קאָנסולאַט—די נייַסטע שפּיאָנישע מאַטעריאַלן וועגן דעם צושטאַנד פון די סאָ־וועטישע וואָפן־קוילכעס.

מ־מ... יאָ, ניט געוואָרן גאָרניט בא איוואַן אַנדרייעוויטשן מיט דעם באַאַרבעטן די רויטע פּליִערס!

ווי זאָגן דאָרט יאַריד־פּאַקירן: „ניט אַרויס דער פּאָקוס, די מאַטבייע איז אונטערגענעצט".

און דעריקער: „דער קאָנטראָליאָר פונעם קאָמקעמערל" האָט אַהער קיין שום שייַכעס ניט, אָדער, אויב איר ווילט, איז פאַר די הערן קאַליניקאָווס געווען און וועט שטענדיק פאַרבלייַבן אונדזער גאַנצער לופט־פּלאַט און די גאַנצע רויטע אַרמיי דורכ־כויס איין פילבאַרער און פאַרזיכטיקער קאָנטראָליאָר, איין דורכויסיק מעכטיק־גרויס קאָמקעמערל.

הייַנט איז לויט דעם קאַלענדאַר ניט קיין טאָג פון אינדוס־טריאַליזאַציע און ניט קיין טאָג פון דער רויטער אַרמיי. נאָר די באַשייַדענע געשעענישן, נייַן און דרייַסיק „אַרויסגעלאָזטע" פון דער קייַלעכיקער פידקאָווע פונעם פּיאָטער־פּאַלאַץ—פּרישן אָפּ

אין זיקאָרן יענעביידע טעג, פאַרייניקן זיי אין איין טאָג, אי־נעם היינטיקן.

אונדזער אינדוסטריע באַקומט ניט קיין גרויסע, נאָר אַן אָפּ־געקליבענע קאָמפּלעקטיר־טייל. א ווערטעלע אויסצוריידן—אייגע־נע, סאָוועטישע קאָנסטרוקטערס פון עראָפּלאַנען און מאָטאָרן־בויונג.

און די רויטע ארמיי—זי פאַרגרעסערט איר באַוואָפן־קראַפט. מיט וואָס? ניט מיט וואָס, נאָר מיט וועמען? מיט פיר צענדליק אינזשענערן. פּליער! באָלשעוויקעס! פליענדיקע באָלשעוויקעס־אינזשענערן! אפן ערן וואָרט, ס'איז גאָרניט קיין שלעכטע זאַך!

---

# און אָט זײַנען מיר אין ניו־יאָרק

בא די ווערטער איז גאָרניט צום אָרט מאכן קאָקעטיש מיט דער האנט אינדערלופטן, זאָרגלאָזיק שמייכלען און אונטערווינקען, ווי איינער רעדט: איינס און צוויי, און פארטיק! קיין שום אויסערגעוויינלעכס, מע דארף נאָר זײַן פלינק און געשיקט! ווילט איר קיין איירָאָפּע — איז קיין איירָאָפּע, ווילט איר קיין אמעריקע — איז קיין אמעריקע, — אונדז איז קיין זאך ניט שווער!.. ס'איז ווײַט ניט אזוי.

פאראן פלי־רייסן, וואָס גייען אראָפּ גלאט און פײַן, קיין איין געצוווּנגענער אראָפּלאָז אינמיטן וועג, קײַן איין איבערשלאָג אין מאָטאָר, קיין איין דראפּעלע אינעם עק, אינעם קיל. זייער עפּעקטישע, שיינע רייסן. דאָס איז, אייגנטלעך, שוין ניט קיין פלי־רייזן, נאָר גרויסע געווינסן אין דער אוויאָ־אינדוסטריעלער שפּיל, וואָס גייט אָן צווישן די רײַכע קאפּיטאליסטישע פּארטנערן. א קאָנקורירנדיקע פירמע פון א קאָנקורירנדיק לאנד נעמט און בויט אויס א נײַע מעשונעדיק־גרויסע פליִענדיקע ציכטערנע מיט א מאשין פון טויזנט פערדקראפט, זעצט אוועק א פּילאָט און דערלאנגט א וועלט־רעקאָרד. דערפליִגן — איז אויסגעצייכנט: בלומען, מוזיק, געלט־פּרעמיעס. ניט דערפליִגן, זיך געזעצט — איז געמאכט א שוויַיג, שטילערהייט זיך אומגעקערט צוריק מיט דער באן. דער אוויִאטער רעכנט זיך אוטאָמאטיש פאר אן אָפּגעשלאָגענער קאָרט, ער פּרוּווט זיך ניט ווײַטער פליִען, ער זעצט ניט פאָר דעם וועג ווײַטער. ער ווארט ביז דעם צווייטן יאָר, ביז מע בויט אויס א נײַע מאשין פון נאָך א גרעסערער קראפט, ביז מע שטעלט א נײַעם קאָן אפן טיש.

און ס'איז פאראן אנדערע פלי־רייסן — זיי זײַנען אן עקזאמען אף אומענדלעכער, אומדערשעפּלעכער ארבעטסמוטיקײַט

פונעם גאנצן פלי־פערסאָנאַל און פון די מאשינעס אויך. נעמען אפ זיך א גיגאנטישע אויפגאבע — און זי אויספירן אום יעדן פרייז. אפילע צוואנציק מאָל זיך זעצן, אפילע אפ א צעקאַליעטשעטער, פארעלטערטער שוין אין וועג און מיט א שפאגאטל איבערגעבונדענער מאשין, און מיט א פארבלוטיקטער צורע, — נאָר דערפליען, נאָר דערקומען צום אָרט, ניט פארלירן דעם מוט אפן האלבן וועג.

אָט אזעלכער איז ער געווען, אָט דער היינט פייערלעך פארענדיקטער איינגעשפארטער רייד פון דעם „ראטנלאנד”. פיר פליער האָבן „גענומען” ניו־יאָרק אזש פון מאָסקווע, גענומען, ווי מע זאָגט, מיט דער אייגענער האָרעוואניע, מיט בלוט גענומען. נאָר גענומען, אין רועכס באָבען ארײַן!

מיר גערענקען ניט פון דער גאנצער וועלט־אוויאציע נאָך אזא אינערלעך־פעסטן, אומוואקלדיקן, פון זיינס ניט אָפטרעטנדיקן, אויב איר ווילט, בייז־פארביטערטן לופט־רייד, ווי דער, וואָס האָט זיך היינט פארענדיקט.

מע האָט אויסגעבויט א פלי־מאשין, אויסגעפרווט. געבליבן ניט צופרידן.

באלד נאָכאמאָל אויסגעבויט פון דעמזעלבן טיפ א צווייטע, נאָר מיט אויסבעסערונגען. אויסגעפרווט. ארויס צופרידן.

אוועקגעפלויגן. דורכגעמאכט קימאט א האלבן וועג, מער פון זיבן טויזנט קילאָמעטער.

זיך פארבלאָנדזעט אין שטורעם, אין נעפל, אין פינצטערניש, אין א וואלד־מידבער. זיך געמוזט אראָפלאָזן אין דער טייגע. צעבראָכן דעם עראָפּלאן.

טייקעף זיך אומגעקערט צוריק. ווידעראמאָל זיך ארופגעזעצט אפן עראָפלאן, שוין אפ יענעם, אפן ערשטן, וואָס מע איז מיט אים געבליבן ניט צופרידן.

ווידעראמאָל — ניט געלאָזט זיך אויסרוען די צעהארגעטע זיינען, אוועקגעפלויגן. ווידעראמאָל — אין שטורעם ארײַן, אין פינצטערניש, אין די אומגעזעטיקטע, אָנבערעגיקע רוימען.

גוט איז דאָרט, אינ א מינ ליטע. אָט האָסטו זיכ אופגעהויבנ אינדערלופטנ, אונ ביז דו האָסט אָנגענומענ מיט דער שפיצ מאַשינ די נייטיקע הייכ, ביסטו שוינ אינ אויסלאנד. אנו, פרווו נאָר ארויסכאפנ זיכ פונעמ ראטנפארבאנד, אויב דו האָסט זיכ אוועקגעלאָזנ אינ דער מיזרעכ־זײַט!

פיר פארדאמטע סאָוועטישע פליִערס האָבנ אינ כאבאראָווסק אָפגעשרויפט די רעדער, האָבנ צוגעשרויפט שווימ־שיכ.

ווידער געפלויגנ איבער די שווערסטע, שטורמישסטע, איבער די ערגסטע יאמענ אונ דורכגוסנ אונ זעלטנ וועמענ באוווסטע אינדזלענ. ווידער זיכ אראָפגעזעצט אפנ וואסער, אונ אינ שטורעמ זיכ צוגעשלאָגנ צו עפעס פעלדזיקע ברעגעס.

זיכ ארויסגעשלאָגנ קיינ אליאסקע. דאָרטנ ווידער זיכ גענומענ אָפשרויפנ אונ צושרויפנ.

אונ ווײַטער געפלויגנ. האָט זיכ אָפגענוצט דער מאָטאָר. ארויסגעפאָדערט א נײַעמ. ערגעצ אינ א פארוואָרפנ פישערדערפל האָט מענ געביטנ — א ווערטעלע אויסצוריידנ! — געביטנ איינ מאָטאָר אפ א צווייטנ, אונ ווידעראמאָל זיכ אופגעהויבנ אינדערלופטנ. אונ אזוי נאָכ אונ נאָכ, אונ — טפו זאָל דאָס ווערנ! — טאקע דערפלויגנ, וווהינ מע דארפ.

הײַנט שטייט זיכ רויִק אונדזער סאָוועטיש פייגעלע, גלאנצנדיק באשיידנ מיט די אָפגעריבענע זײַטנ, כריפענדיק מיט די אויסגעהאָרעוועטע לונגענ, אפ דעמ ניו־יאָרקער אעראָדראָמ. אונ מיר — מיר פרייענ זיכ אפ דעמ פונדערווײַטנס אונ לעבנ איבער זײַנ פיניש, באנעמענדיק אימ ווי זייער א גרויסע טעמע.

פונקט אזוי ׳דאָכ, אָנ רײַכע טעכנישע אונ פינאנסיעלע גאראנטיעס, אָנ אונטערשטיצע אונ אָנ הילפ פונ אויסנ, האָט זיכ אוועקגעלאָזט אינ זײַנ אומגעהערטנ אומדערטרעגלעכ־שווערנ וועג דאָס ווירקלעכע, דאָס גרויסע — אָנ גענדזנפיסלעכ — ראטנלאנד. זיכ אוועקגעלאָזט, קעדיי צו דעריאָגנ אונ איבעריאָגנ אמעריקע!

און פונקט אזוי, מיט בלוט, אינ אומדערמידלעכנ קאמפ, גייט דאָס פונ דעמ סטארט צומ פיניש.

מאכט אויכ איבער אונ בײַט אינ גאנג דעמ אפּאראט, פאר־שטארקט די אלטע אונ גיט צו נײַע מאָטאָרנ, רעמאָנטירט זיכ אונ נעמט אָנ פרישע קויכעס אפ די סאמע אומגעווארטע, אומ־היימלעכע וועג־עטאפּנ...

דער פּרעזידענט הוווער האָט ניט גענומענ קיינ אָנטייל אינעמ באגעגענענ דעמ סאָוועטישנ עראָפּלאנ. דער הויפּט־טשינאָווניק פונעמ ווײַסנ הויז האָט ניט פארבעטנ די אוויִאטערס קיינ וואַ־שינגטאָנ. ער האָט מוירע געהאט, אזא שריט זאָל ניט אויסגע־טײַטשט ווערנ אלס אנערקענונג פונ ססר"ר. נו, פארשטייט זיכ!

אונ דער ניט־געקרוינטער פירער פונ אמעריקע הענרי פאָרד האָט פײַערלעכ אופגענומענ די סאָוועטישע פליִערס אינ זײַנ הויפּטשטאָט, אינ דעטרויט, אײַנגעאָרדנט פונ זייער קאָוועד וועגנ אנ איבערבײַסנ אונ געהויבנ דעמ באָקאל. נו, אוואדע־זשע!

אינ די ביוראָקראטישע קאנצעליאריעס פונ דער בורזשואזער אמעריקע פארשטעלט מענ זיכ די אויגנ מיט דער האנט, מע פרוווט זיכ ניט באמערקנ דאָס קומענ צו פליִענ פונ דעמ קליינעמ ראטנלאנד. אינ די פּאלאצנ פונ די ווירקלעכע לאנד־באלעבאטימ פארדעקט מענ שוינ גאָרניט, מע באמערקט אלצדינג אונ מע באציט זיכ מיט דער געהעריקער העפלעכקײַט.

צי איז דענ די לאגע בענעגייע דעמ ווירקלעכנ גרויסנ ראטנ־רוסלאנד אנדערש? ס'פּרוווט זיכ נאָכ די ניט־זעענדיקע אמערי־קאנער טשינאָווניקעס פארזשמורענ די אויגנ, בייס זיי קוקנ אפ אונדז. נאָר די עמעסע באלעבאטימ אונ גרויסע קאפּיטאליסטנ האנדלענ מיט אונדז גאנצ ערנסט אונ פירנ געשעפטנ. זיי טוענ עס ניט דערפאר, וואָס זיי האָבנ אונדז ליב—ניט נאָר ליב, אָנ־קוקנ קענענ זיי אונדז ניט! נאָר דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ געצוווּנ־גענ זיכ רעכענענ, זיכ צופּאסנ, האנדלענ. געצוווּנגענע אנערקענונג

די וואקסנדיקע קראפט פון אונדזער טעכניק, עקאָנאָמיק, פּאָלי־טישער ווירקונג.

כוץ די הווערס און פּאָרדס איז אין אמעריקע פאראן עמע־צער אנדערש אויך. דערדאָזיקער „עמעצער" האָט אפילע אין דעם פּראָווינציעלן דעטרויט זיך פארקליבן אין א צאָל פון פינפ טויזנט מאן אויסהערן דעם פּאָרטראג פון די סאָוועטישע פליער. וויפל וועט שוין דעמאָלט זיין אין ניו־יאָרק! א גרויסע פרייד איז בא זיי צו זען, וויאזוי די סאָוועטישע אעראָפּלאנען, וואָס האָבן נעכטן זיך אומגעטראָגן איבער פאריזש, לאָנדאָן, רוים, זשומען היינט רויק איבער דער הויפּטשטאָט פון דער „נייער וועלט". א לעבעדיקער מוסטער פון גלענצנדיקן שאפונגס־קויעכ פון דעם לאנד פון ארבעטער און פויערים, אן ערנסטער מאמאָ־שעסדיקער באווייז פון זיין פעסטער שטרעבונג דעריאָגן און אריבעריאָגן די קאפּיטאליסטישע אמעריקע, די ערשטע שוואלב פון די קומענדיקע און נאָענטע אופטועג.

אויסגעהאלטענע סטיליסטן וועלן מיך פאריכטן, מאכנדיק א זויערלעכע מינע:

— איין שוועלבעלע מאכט נאָך ניט קיין פרילינג.

— וואָס־זשע, מיר יאָגן זיך דען דאפקע נאָך פרילינג? אונדז שמעקט בעסער הארבסט. א מונטערנדיקער, א פרישער, אין נאָיאבערשע שקוואלן. אזעלכער, ווי אין זיבעצעטן יאָר.

## א טויטער שלייפ

שווער געווען אָפּצוזוכן דעם וועג. די מאַפּע איז פון אַלע זײַטן געדיכט באַצייכנט, אָנגעפּלעקט מיט שטרײַכעלעך, ווײַזער־לעך. די מענטשן, וואָס דו באַגעגנסט, באַציִען זיך מיט שטאַרקן כשאד צו דײַנע פראַגעס, וואָס דו דערפרעגסט זיך, האַלטן דעם מיליטערישן סאָד, ווילן גאָרניט זאָגן. און איין רויטאַרמייער — יענער האָט, ווי ס׳שײַנט, שוין אינגאַנצן באַוווּסטזיניק אָנגעוויזן דעם וועג אין שטאַב אַרײַן, אַרײַנגעהאַקט אַ ליגן, אַז דאָרט איז קלוימערשט דער אַעראָדראָם. זאָל זיך דאָס גוטברודערל אַפּ אַ מאָטאָציקל דורכקאַטײַען אין שטאַב אַרײַן, דאָרט וועט מען שוין אַ קוק טון, ווער און וואָס ער איז, צו וואָס ער דאַרף דעם אַעראָדראָם.

אין רעזולטאַט — פאַרשפּעטיקט אַפּ צוועלף מינוט. אַלע מאַשי־נעס האָבן זיך שוין אופגעהויבן אינדערלופטן און אַרבעטן שוין ערגעץ ניט ווײַט פונדאַנען. געבליבן נאָר איינע אַפּ דעם ליידיקן בלאָטיק־גרונטיקן פעלד. דער יונגער פליִער סמירדין שפּאַנט געדולדיק אום אַרום דעם אַפּאַראַט.

— אַנטשולדיקט, כ׳האָב אײַך פאַרהאַלטן. כ׳האָב ניט גלײַך געפונען דעם אַעראָדראָם.

— נו, אויך מיר אַן אַעראָדראָם. פּאַשעט — אַ שטיק ליידיקער פּלאַץ. נאָך גוט, וואָס מע האָט אַזעלעכס אויך אָפּגעזוכט. ס׳איז אַרום און אַרום וואַלד. בײַם מילכאָמע וועט אָנקומען שווער־לעך זיך אײַנאָרדענען מיט די אוויִאַפּאַזעס.

— וועלן מיר, הייסט עס, צוטרעטן?

— טאַק טאָטשנאָ. איך אַנטשולדיק זיך נאָר, אַלע לעדערנע קורטקעס האָט מען שוין בײַ אונדז צענומען. איר וועט שוין

מוזנ פליִענ איִנ איַער פרענטש. ס׳איז היַינט ניט שטארק קאלט.

— נו, מיילע. אונ א שליעמ?

— יאָ, נאָכ א שליעמ. אכ, דער רועכ זאָל דאָס נעמענ. קיינ איינ איבעריקער שליעמ ניטאָ. איר וועט שוינ מוזנ אָנטונ דאָס היטל מיטנ דאשעק אפּ הינטנ. איכ רעכנ, סע וועט אראָפּ גלאט. אָדער עפּשער אָפּלייגנ אפּ אנ אנדערס מאָל? וואָלט מענ שוינ אלצ צוגעגרייט...

— ע, ניינ. קומט, וועלנ מיר זיכ ארופזעצנ. די פּראָגראמ, אזויווי מיר האָבנ אָפּגערעדט?

— טאק טאָטשנאָ. עטלעכע מאָל זיכ איבערקערנ, נאָכדעמ דרייַ שלייפנ, אונ צומ סאָפּ—א שטאָפּער. קומט, וועלנ מיר זיכ צו־בינדנ.

קיינער שטופּט זיכ דאָ ניט אינ ענגשאפט צו דער מאשינ. קיינער צעפּיאליעט זיכ פאר דיר ניט מיט דעמ ברייט־צעעפנטנ פאָטאָ־אפּאראט, קיינער ווינטשט דיר ניט צו קיינ גליקלעכע רייַזע אונ שיט ניט מיט קיינ אוויִאָ־וויצנ, וואָס זייַנענ די סאמע ניש־טיקע פונ אלע וויצנ אינ דער וועלט. קיינער בעלעמעטשעט ניט צומ הונדערטויזנססטנ מאָל: „פונ א גוטנ לעבנ גלוסט זיכ ניט פליִענ״. קיינער זאָגט דיר ניט צו קאָקעטיש: „איכ וועל איַיכ מאכנ מיט דער האנט, נאָר מיסטאמ וועט איר מיכ פונ דער הייכ ניט דערקענענ״. אינ דעמ ליידיקנ פעלד טוט דער פליִער סמירדינ אָפּ ערנסט, ווי א טפילע, די פּאָשעטע אונ גרויסארטיקע קולט־צערעמאָניע פונ דעמ ארומבינדנ זיכ. ארומ גארטל—איינ־מאָל, אונ איבער דער פלייצע, אינ דער פּאָרמ פונ א ציילעמ—צוויי מאָל. איינגאנצנ פארשפּיליעט זיכ עס מיט איינ זייער קנאפּ־באוואָרנטער שפּראָנטשקע פונפּאָרנט אפּ דער ברוסט.

— פּרוווט זיכ נאָר אופּשטעלנ.

— איכ קאָנ ניט.

— אנו, נאָכאמאָל, מיט אלע קויכעס.

— אויכ ניט.

— נו, איז גוט. נאָר זעט, רירט נאָר צופעליק ניט אָן די שפּראָנטשקע. זי עפנט זיך אוף מיטאמאָל, און דעמאָלט קאָנט איר...

ער לאכט און נעמט זיך אליין צובינדן אפ דעם הינטערשטן בענקעלע.

ווי אויסגעצייכנט גוט איז צו זיצן ווידער אפ דעם שלאכט־אויסשפּירער נאָך די דושנע פּארמאכטע פּאסאזשיר־אעראָפּלאנען! זייער פאָרמע איז א פאלשע. זיי קאָפּירן דאָס ערדישע ווינאָרט פונעם מענטשן: ווענט, א פידלאָגע, פענצטער, א סטעליע. קאָן מען אין זיי ארומגיין, איבערגיין פון איין אָרט אפן צווייטן, אפילע זיצן אין טואלעט־צימערל. דאָס איז הוילע קאָפּשטיק און קאָמיש־באדינגלעך, ווי דער לעבנשטייגער פון דרעסירטע מייז אין א שטייג, וואָס דער קאטערינשטשיק טראָגט הוידענדיק אום איבער די הויפן.

אפ א שלאכט־מאשין זיצט דער פליער פארשטעלט נאָר ביז האלבן קערפער. דער קאָפּ, די פּלייצעס, די הענט — זיינען פריי. זיי זיינען אָפן פאר דער לופט. ווילסט, נעמסטו און ווארפסט אריבער די הענט אפ יענער זייט באָרט און טונקסט זיי איין אין די כוואליעס פונעם לופט־אָקעאן. גלייך ווי דו זיצסט אפ א טייך־באיאדערקע — איין בייג אריבער, און דו האָסט שוין דער־לאנגט מיט דער האנט דאָס וואסער. אין דער צייט פון אוויא־ציע קומען שוין אויס פארשפּעטיקט די איבערגלויבערישע פויער־שע לעגענדעס. אין אזעלכע צייטן וואָלט באשאפן געוואָרן א נייער טיפּ לופט־רוסאלקע: דער קאָפּ, די פּלייצעס, די הענט — מענטשישע, און וייטער פונעם גארטל אָן — א דארער עק מיט א סטאביליזאטער און צוויי וועלאָסיפּעד־רעדער...

דער אפּאראט האָט מיט א שטורמישן אימפעט א נעם געטאָן אין דער הייך. דאָ, אין שלאכט־אומשטענדן, איז ניט דערלויבט קיין גרויסע טערמינען אפ „אָנעמען הייך”. דאָס ווייזערל אפ דעם אלטימעטער רייסט זיך צו דער ציפער 1000. דאָ זיינען בא

מיר פֿאַראַן אַלע אַפּאַראַטן און הייב־באַוועגערס — די מאַשין האָט א צווייענדיקן אָנפֿיר־אַפּאַראַט, און דער פּילאָט האָט מיר אָפּגעטראָטן זײַן פֿעדערשט אָרט. מע וואָלט געקענט זיך צולערנען אָנפֿירן...

נאָר קיינמאָל איז דער אַפּאַראַט נאָך ניט געגאַנגען אַזוי שאַרף אַרויף. גלײַך ווי אַן אויטאָמאָביל, וואָס הייבט זיך אויף אויף זייער א הויך־געדרייטן באַרג, אַז ס'וואַלגערט דיך עטוואָס אַזש אויף צוריק.

ניין, ניט עטוואָס. טאַקע שוין עפּעס צו באַרג־אַרויף, גלײַך ווי דו קלעטערסט אויף א וואַנט. ווו איז דאָס פֿאָרגעקומען — דאַכט זיך, ערגעץ אין צירק איז אַן אויטאָמאָביל זיך צעלאָפֿן און איז אַרויפֿגעפֿלויגן אַרויף קימאַט ווערטיקאַל? און...

ווײַטער קומט פֿאָר עפּעס לאַכלוטן א מעשוגענע זאַך. דער קלאַנג פֿון די מאָטאָרן גייט מיטאַמאָל איבער אין א היסטערישן קוויטש — און אויף דער נאָטע רײַסט ער זיך איבער. אויפֿן אָרט פֿונעם הויכן דינעם קוויטש — הערט זיך א ווילדער געפֿײַף פֿונעם ווינט אין די אויערן.

דער רעכטער פֿליגל נעמט פֿאַלן אַראָפּ און אַראָפּ, און איך פֿאַל אײַנײַנעם מיט אים, מיט דער זײַט, מיטן קאָפּ אַראָפּ.

אויף איין רעגע טראָגט זיך דורך פֿאַר די אויגן דער לינקער פֿליגל. אויף א רעגע אין איין קינאָ־קאַדער גיט א שווינדל די ווײַטע ערד. נאָר זי איז גאָר אינגאַנצן — איבערן קאָפּ.

נאָך עטלעכע רעגעס קימאַט אַבסאָליוט אָן שום באַוווּסטזײַן, אָן שום כושים.

מע קאָן דאָס פֿאַרגלײַכן נאָר מיט דעם, וואָס אַזוי קליינערהייט פֿלעג דער טאַטע דיך אויפֿהייבן אינדערלופֿטן און מאַכן מיט דיר א ראָד איבערן קאָפּ. נאָר יענץ האָט געדויערט גיך, און דאָס — ציט זיך אומענדלעך לאַנג און אומפֿאַרשטענדלעך ווייטעקדיק. און ניט אויף קיין האַלבן מעטער פֿון דער ערד, נאָר אויף טויזנט מעטער אינדערהייך. און ניטאָ קיין מינדסט פּינטעלע אויף

אָנשפּאַרנ זיכ, אָנכאַפּנ זיכ. פּאַשעט, א גרויס שטיק מעטאַל מיט צוויי צוגעבונדענע מענטשנ שלײַדערנ זיכ אומ אינ פּוסטנ רוימ, אַפּ א קילאָמעטער די הייכ פונ דעמ פעלטנ, האַרטנ באָדנ, אַפּ וועלכנ דעמ מענטשנ איז באַשטימט צו גיינ מיט די פיס.

נאָכדעמ מיטאמאָל,—פּונקט אַזוי אומגעריכט, ווי אַשטייגער אינמיטנ פאַלנ פונעמ זעקסטנ עטאַזש וואָלט איר זיכ אָפּגעשטעלט אינדערלופטנ אַפּ האַלבנ וועג,—דער קאָפּ קומט שוינ ווידער אויס אַפּ די פּלייצעס, אונ די פיס „אונטער די פיס”, אונ די נאָז פונעמ עראָפּלאַנ—פאַר דער נאָז, אונ ערגעצ אינ גרויענ הימל, ניט אינ א כאַלעמ—טאַקע די עמעסע זונ...

אויב אינ קינסטלערישנ טעאַטער לעבט מענ דורכ מיט א האַלבער שאָ נאָכאַנאַנד איבער איינ באַליידיקונגס־וואָרט, וואָס איינ טשע־כאָווס העלד זאָגט דעמ צווייטנ,—וויפל־זשע צענדליקער יאָרנ צײַט דאַרפ מענ אַפּ איבערלעבנ אָט דאָס, וואָס איז דאָ ערשט געשענ?

נאָר דער פליִער סמירדינ לאָזט דיכ ניט איבערלעבנ. פאַרי־בער ניט מער ווי א מינוט—אונ ווידער האָט זיכ דער האַרצ־רײַסנדיקער געשריי אָפּגעשטעלט דעמ מאָטאָר אינ דער מיט גאָרגל, אונ מיר פאַלנ ווידער מיט א זײַט, מיטנ קאָפּ אַראָפּ, אינ טהאָמ אַרײַנ. אינ אינ טויט אַרײַנ, אינ ניט־זײַנ. אונ ווידער דרייט זיכ אויס דער אַפּאַראַט אַרומ זיכ אַליינ, ווי מע גיט א א דריי דעמ שליסל אינ שלאָס, אונ ער טראָגט זיכ שוינ ווײַטער אינ רוימ.

דאָס איז שוינ די צווייטע „איבערקערעניש”, ניט די אָקטיאַבע־רישע, ניט די פעווראַלישע, נאָר פּאַשעט א קולבּיט־איבערקער פונעמ עראָפּלאַנ אינדערלופטנ, איינע פונ די שווערסטע אונ געפערלעכ־סטע, נאָר אַנ אומבאַדינגטע אונ דורכשניטלעכע פיגור פונעמ העכערנ פּילאָטאַזש. ניט מאַכנ די פיגור, אָפּזאָגנ זיכ—אַזעלעכס קאָנ, פאַר־שטייט זיכ, אַמאָל פּאַרקומענ מיט א גוטנ פליִער. נאָר דאָס וואָלט אויסגעקומענ פּונקט אַזוי מאָדנע, ווי אַפּ אַנ אַלגעמיינער פאַר־

זאמלונג אָפּזאָגן זיך אָפּצוגעבן א באריכט וועגן געלט־סומעס, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אז דו פֿאַרמאָגסט ניט קיין רעדנע־רישן טאַלאַנט. וויאַזוי דו ווילסט שוין דאָרט, מיט טאַלאַנט אָדער אָן טאַלאַנט, נאָר קער זיך איבער, רעכן זיך אָפּ.

די האַפּסאָקעס צווישן די „איבערקערענישן" מאַכט סמירדינ זייער קורצע, די פּיגורן אַליין — אומענדלעך־לאַנגע. אזוי האָט זיך נאָר געקאָנט אויסווייַזן. נאָך באַם זייגער אַפּ דער לינקער האַנט — באַ זײַט דעם שטאָלענעם שווייצאַרישן זייגער דרייט זיך דאָך ניט דער קאָפּ... אין דער צייַט, בייס אין געפּייַפּ, אין געוווי, אין ספּאַזמעס און אין קורצע אויסגעשרייען פֿונעם מאָטאָר, וואָס דער פֿליִער האַלט אים אין איין פּייַניקן — אָדער מיר קלעטערן ווערטיקאַל אַפּ, אַן אויסגעדאַכטער וואַנט, אָדער מיר וואַלגערן זיך אראָפּ צוריק, — בייס דאָס האַרץ און די לונגען, אָפּלאָזנדיק אַלע טעמפּן, טאַנצן אויס צום ערשטן מאָל זינט זיי לעבן אזא מין אָ טאַנץ — ציילט זיך דאָס קליינע ווײַסע זאַכענישל מיט די צוויי וויַיזערלעך קאַלטבלוטיק אָפּ די סעקונדעס. ס'וויל זיך ניט צווייַלן. ס'ווייס גאָרניט.

נאָך פּיגורן... איינע, צוויי, דרייַ, אינגאַנצן דאַכט זיך פינף? און ווייַטער פֿליִען מיר שוין גלאַט אזוי זיך. ס'אַרא גליק סע איז פליִען גלאַט אזוי זיך. פֿליִען אַפּ אַן אויסגעצייכנטן אויס־שפּירער פּאָרויס אין די הימלען, אַפּ א גרויסער הייך — גלײַך,' ניט מיטן קאָפּ אראָפּ. דיר גלוסט זיך שוין אפילע ניט שטעלן זיך צוריק אַפּ דער ערד, נאָר אבי נאָכאַמאָל ניט איבערקערן זיך, ניט פֿליִען ווי א שטיק אומבאַהאָלפּענע זאַך, מיט פאַרוואָרפענע פיס אַרוף.

שווערלעך, נאָר מע קאָן, אַפּ וויפל ס'דערלויבן די האַרטע בינד־לענטעס, זיך אומקוקן אַפּ צוריק. דער פֿליִער סמירדין קוקט אַפּ מיר מיט א פּראַגע־בליק. ער איז באַומרויִקט. פֿון וואָס? קלאָר, פֿון וואָס. ער איז הײַנט ניט איינער. מע דאַרף אונטער־מונטערן סמירדינען. ס'איז ווילד, נאָר יאָ, איך דאַרף אונטער־

מונטערנ דעם פּליִער. ער איז פארשעמט, ווי אנ אקראָבאט, וואָס האָט ארופּגעשלעפּט אונטער דעם סאמע צירק־קופּאָל א פאר־שווינדל פונ דער פּובליקע און גענומענ אינײנעמ מיט אימ זיכ אראָפּוואַרפנ פונ דער טראפּעציע מיטנ קאָפּ אראָפּ, אָנ א באשיצ־נעצ פונונטנ. דאָכ אָנ א באשיצ־נעצ! דער פּליִער סמירדינ איז באַומרויִקט. איכ שמייכל צו אימ זייער ברייט, נאָר מיט די ליפּנ אליינ. אזוי הילצעריק שמייכלט מענ, מיסטאמ, נאָר אינ כאָלעמ. און איכווינק צו אימ עטלעכע מאָל מיטנ קאָפּ. די טײַטש — אלעס אינ אָרדענונג, מיר זעצנ פאָר דעם פיגורנ־פּילאָטאזש.

די צוגרייטונג און דאָס איבערגיינ צומ טויטנ שלייפ זײַנענ דיזעלבע, ווי בא דער קולבית־פיגור, נאָר לאנגזאמער און בייזער. אויב איבערהויפּט צזגעווינענ מענטשנ צו אָט די שפּאס־שטיק, וואָלט מענ באדארפט אָנהייבנ פונ דעם שלייפ, און נאָכדעמ איבערגיינ צומ קולבית. די פּלוצעמדיקײַט פונעמ איבערקער מיטאמאָל וואָלט מענ איבערגעלעבט, ווי א דערלײַכטערונג נאָכ דער אָנשטרענגונג פונעמ שלייפ. און הײַנט האָט זיכ באקומענ אזוי: גלײַכ פונ אָנהייבס האָט מענ מיט א מעסערל דיר אופגעשניטנ א מאקע אפנ פינגער, און נאָכדעמ אינ איינ גאנג גענומענ פאמעלעכ אופטרענענ דעמ בויכ.

דער אפּאראט האָט זיכ אָנגעהויבנ דראפּענ בארג־ארופ, נאָר ס'האָט זיכ געצויגנ זייער לאנג. ער נעמט אָנ הייכ און אָרט, קעדיי זיכ קענענ צעיאָגנ. אינ דעמ מאָמענט פונ צעיאָגנ זיכ — איז די גאנצע לאָגיק פונעמ שלייפ, די גאראנטיע זײַנע, לויט דעמ געזעצ פונ מעכאניק. אציינד זײַנע פאר אונדז ניט גילטיק קיינע שום געזעצנ — ניט סאָוועטישע, ניט בורזשואזע. נאָר דער צעוואָרפענער באנד קראַיעוויטשעס פיזיק מיט די ארומגעריזעטע טאָוועלעכ, א פארקלעקטער מיט טינט, פירט מיט אונדז און געוועלטיקט איבער אונדז. אפ איינעמ א זײַטל איז דאָרט געווענ אָנגעמאָלט א צייכענונג: א האנט דרייט אינדערלופטנ א שטיינ, וואָס איז צוגעבונדנ צו אנ עק שטריק; דער שטיינ מאכט אויס

א קרײַז אינדערלופטנ. דער אלטער, אלטיטשקער קראיעוויטש האָט אָנגערופנ יענעמ שטײנ—פיזישער קערפער. ער וועט אפ קײנ האָר ניט זײַנ נאָכגיביק, וועט ניט מויכל זײַנ, אויב מיר וועלנ אָנרירנ זײַנע געזעצנ אונ מיר וועלנ ניט אָנעמענ קײנ גענוגע הײכ—ניט באקומענ קײנ נײטיקע אינערצ פאר דעמ פלי מיט די פיס ארופ מיט אנ אויסגעשלאָסענעמ מאָטאָר.

דאָס קלעטערנ ארופ מיט א ווערטיקאלער ליניע האָט זיכ פארענדיקט. דאָס פעדערשטע באָרטל מיט דעמ פראָפעלער האָבנ זיכ שוינ אינגאנצנ אָפגעשטעלט אינדערהײכ, זיכ אָנגעבויגנ ער־געצ אפ צוריק־צו. דער מאָטאָר איז פארשטילט געוואָרנ. אונ אי..ט זײַנענ מיר אינ אײנ דינעמ געוויי פונעמ ווינט געבליבנ הענגענ מיט די קעפ אראָפ אונ די רעדער ארופ. ווײַזט אויס, שוינ אפ אײביק.

וואָס־זשע קומט דאָ פאָר? פאר די אויגנ האָבנ מיר די ערד. זי דינט אונדז פאר א סטעליע, פאר דעמ הימל־געוועלב. אונ דעמ הימל? ער איז איבער... איבער וואָס? ער איז אויסגעשפרײט איבער די פיס. איבער די פארוואָרפענע אפ ארופצו פידעשוועס. אזוי דאכט זיכ. יאָ, דאכט זיכ, אזוי. אונ דערדאָזיקער הײבער? איכ האָב זיכ עטוואָס אָנגעוואלגערט אפ אימ, איכ קערעווע אימ ערגעצ. דאָס איז דער הײב־שטאנג פונ דער אָנפירונג. איכ פאר־פלאָנטער די אָנפירונג? נײנ, אצינד וועסטו שוינ גאָרניט פאר־פלאָנטערנ, דער אעראָפלאנ האָט אויסגעשלאָסנ דעמ מאָטאָר, אונ ביזוואנענ ער וועט ניט דורכמאכנ דעמ טויטנ פונקט, וועט זיכ ניט אראָפלאָזנ אינ א בויגנ־ליניע, איז ער ניט מײנ, ווי א פאָשעטער פיזישער קערפער פונ קראיעוויטשעס לערנבוכ. וועט סטײַענ צע־יאָג־אינערציע—וועט דער קרײַז זײַנ פארענדיקט. ניט סטײַענ—וועט די מאשינ אראָפפאלנ אראָפ, ווי אנ אומזיניק שווער שטיק אײַזנ.

אונ דאָס וואָס איז? א נאָטיצ־ביכעלע. אנ אלטס, א גרינס, אונ א קלײנער בלײַער, א זילבערנער. מע הענגט מיטנ קאָפ

אראָפּ, און דאָס נאָטיץ־ביכעלע מיטן בלײַער האלט איך שטארק. נאָך וואָס־זשע? ווײַל אזוי... דאָס איז זייער לעכערלעך, ווײַל איך האלט זיך אין זיי אָן. אָט א טיפּעש—אפּ דעם אעראָפּלאן, אין א טויטן שלייף, און ער האלט זיך אָן אין א נאָטיץ־ביכעלע, ער זאָל ניט אראָפּפאלן.

און דאָס היטל? ס'איז אָנגעטאָן מיטן דאשעק אפּ הינטן. הייסט עס, אז דער שטערן קומט אויס מיטן הינטן אפּן נאקן. אויב מיר וועלן באלד אראָפּפאלן, וויאזוי וועל איך דעמאָלט ליגן אפּ דער ערד? אויב מיטן קאָפּ אראָפּ, וועט דער דאשעק מיטן שטערן קוקן אפּ ארופּ. אז מענטשן וועלן צוקומען אונדז אופּקלײַבן, וועלן זיי מיינען אפּן נאקן, אז דאָס איז דאָס פּאָנעם.

נאָר די פּיס—די פּיס וועלן דאָך סטארטשען מיט די נעזער—וווהין? מיט די נעזער אפּ אראָפּ.

און אויב אפּ פארקערט? נאָר דעמאָלט וועלן זיי אויך ניט פארשטיין. ס'פּאָנעם וועט זײַן צעהארגעט, פארגאָסן. זיי וועלן מיך דעמאָלט אויסדרייען מיטן פּאָנעם ארופּ. דאָס הייסט מיטן נאקן ארופּ. זיי וועלן לאנג ניט קענען פארשטיין, וואָס איז דאָ פּאָרגעקומען!

דאָס איז ניט קיין געדאנקען... דאָס איז—גאליוצינאציעס. צו דעם אעראָפּלאן איז צוגעבונדן מיט רימענס זעכציק קילאָ ביינער מיט פלייש, זיי פילן גאָרניט. נאָר אין איינציקן פּונקט ערגעץ, אין א טייל פונעם מויעך, צאנקט נאָך קאם־קאם, ווי א ליכט, וואָס מע פארלעשט, א שוואכער, אלעמאָל זיך איבערײַסנדיקער פּאָדעם פון באוווסטזײַן. נאָר פונהינטן פערציק סאנטימעטער—זיצט הינטער מיר אן אויסגעצייכנטער, פולווערטיקער, גלענצנדיק־רויִקער עקזעמפּליאר פון א פלי־מענטש. ער גאליוצינירט ניט! ער געוועלטיקט איבער דער מאשין און איבער דער לופט. ער איז דאָ, אפּ דער ווילדער הייך, ניכטער רויִק, ער בלעטערט מיט זיכערקייט די בוך־זײַטלעך פון די פיזישע

געזעצן, ער האָט אויסגערעכנט דעם צעיאָג־מעהאלעכ. און אצינד ווארט ער מיט קאָפּ, צילעוועט זיך קאלטבלוטיק, אָפּהיטנדיק דעם מאָמענט, ווען אויסגלייַכנדיק דעם אפּאראט, וועט ער צוריק איינשליסן דעם מאָטאָר און וועט זיך ווידער אוועקטראָגן פאָרויס אין א שנעלטראָגנדיקן וויכער־טעמפּ. איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס לעבן מיר זייצט אזא מענטש!

ווי קאָן מען דען ניט שטאָלצירן מיט א מענטשן, אויב פאר זיין קורצ לעבן באוויַזט ער צו דערגרייכן א לעגענדארישן סינטעז פון דעם שטרעבנגן, וויסנשאפטלעכן, מאטעמאטיש־טעכנישן געדאנק מיט די פרעמדע פאר אים, דעם מענטשן, פויגלשע אינסטינקטן פון פאלן און וואַרפנדיק זיך אומשליידערן אינדערלופטן.

און ווי שנעל! פאר צוויי יאָר! א געוויינלעכער ערדישער מענטש טרעט אריין אין א פליער־שול, און אין צוויי יאָר ארום גיט ער אָפּ דעם שטרענגן עקזאמענאטער ניט פראָסט אן עקזאמען אפּ פליען, נאָר אָט די אלע, אין פּינקטלעכן וואָרט־זין, קאָפּשווינדלדיקע קולבעט־שליידערונגען אינדערלופטן, וואָס ווערן אָנגערופן פיגורן פון העכערן פילאָטאזש.

נאָר וואָס זאָג איך פיגורן! דאָס איז דאָך נאָר א געוויסע טייל, א רינג, איינע פון די דעטאלן אין דער אלגעמיינער קוואליפיקאציע פון א מיליטערישן פליער. פון אים פאָדערט זיך מעשונעדיק פיל זאכן.

אָט דער מענטש דארף פונדאנען, פון דער הייך, אבסאָליוט ריכטיק זיך אָריענטירן אינעם ארומיקן אָרט. און ניט נאָר איצט, ווען פונונטן זעען זיך געוויסע פלעקן, פארבן, נאָר אויך ווינטער, ווען ארום איז אלצדינג באדעקט מיט א דורכויסיקער ווייַסער שניי־דעק.

ער דארף זיך קאָנען פאנאנדערקלייַבן ניט נאָר אין די סנאריאדן־אופרייַסן, נאָר אין די פלעמלעך פון איינציקע שאָסן אויך, אויסשפּירן און פארגעדענקען די שלאכט־פּאָזיציעס פון די שיסער־טיילן.

פון אים פאַדערט זיך שיסן פון קוילנוואַרפערס—פון אַ שטײַף־צוגעפעסטיקטן און פון אַ זיך דרייענדיקן, אַפ אומבאַוועגלעכע און אַפ באַוועגלעכע צילן, וואָס אַפ דער ערד און אינדערלופטן.

ער איז מעכוייעוו דורך געוויסע ספּעציעלע שפּיגלען אויסרע־כענען די פּינקטלעכע ווינקלען און דיסטאַנציעס פאַר דעם שלאַכט־פײַער, פאַרן אַראָפּוואַרפן באָמבעס,—און אַראָפּנעמען פון־דערהייך מיטן פאָטאָ־אַפּאַראַט. און גייענדיק אַפ אַ קלײנער הייך מיט אַ גאָל־פלי, אפילע אופכאַפּן די אַרופדערלאַנגטע צו אים אונטערגעוואָרפענע ווימפּעלן—פאַראָרדענונגען.

נאָר דאָס איז נאָך אַלץ ווייניק. אין זײַנע קאָמפּליצירטסטע, קאָפּברעכנדיקע באַוועגונגען איז ער ניט אַליין פאַר זיך, ווי אַצינד. ער אַרבעט אין באַשטאַנד פון אַן אַוויאָ־רינג, אָטריאַד, עסקאַדריליע. ער האָט לעבן זיך, איבער זיך, אונטער זיך, גע־פליגלטע שלאַכט־כאַווירים. און ער טאָר זיך אַפילע קיין מינדסטן ריר אין זיי ניט טון, וואָרום אָנרירן זיי—איז טויט. און ער רירט זיך טאַקע ניט אָן. ער אַרבעט פּינקטלעך, אויסגעהאַלטן, דרייסט. פאַרוואָס־זשע ניט שטאָלצירן!

און דערדאָזיקער וווּנדערלעכער, אַזאַ פּולזיניקער און אַזאַ אומזיניקער, פליִענדיקער, געפליגלטער שלאַכט־מאַן—איז ניט קיין גאָט. ער איז פּראָסט אַ גוטער מיליטערישער פליִער, איינער פון פיל אַנדערע גוטע פליִערס, רויטע פליִערס, פליִערס פון דער רויטער אַרמיי.

ער און הונדערטער פון זײַן גלײַכן אַרבעטער און פּויערים לערנען זיך וואָכעדיק פּראַקטיש אין אונדזערע שולן, און אין צוויי־דרײַ יאָר אַרום באַהערשן זיי אָט די מעשוגענע ניט באַגרײַפלע־כע פאַר דעם ערדישן מענטשן באַוועגונגען אינדערלופטן און נוצן זיי אויס צוליב דעם קאַמף אַפ באַשיצן זייער מעלוכע פון אַרבעטער און פּויערים, וואָס האָט זיי אַליין באַשאַפן.

וויאַזוי־זשע ניט שטאָלצירן מיט אָט דעם אָ, וואָס זיצט אָט אָ, פערציק סאַנטימעטער פון מיר!

---

# א גראָדע ליניע

די סאמע קלאָפּעטנע עמעסן — זײַנען די פּראָסטע עמעסן. מיט זיי איז מער פון אַלץ דולעניש.

גוט איז געווען איינשטיינען מיט זײַן רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. א מענטש איז געזעסן, געזעסן זיך בא זיך אין קאבינעט, די עלעק־טרע האָט אים געלויכטן, די צענטראלע הייצונג האָט אים גע־ווארעמט, די וואסערלייטונג האָט אָפּגעפּרישט, די קאנאליזאציע האָט אָפּגעריייניקט. געזעסן אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ער האָט טאקע דערוויזן.

איינשטיינס טעאָריע איז א קאָמפּליצירטע, אַן איידעלע.

נאָר מע זאָל געווען דארפן דערווײַזן עפּעס א מער פּאָשעטע זאך, וואָלט זיך איינשטיין, נעבעך, פארמאטערט.

אָט פרווט זיך, דערווײַזט אפ פאקטן, אז א גראָדע ליניע — דאָס איז די סאמע קירצסטע דיסטאנץ צווישן צוויי פונקטן. אוי, וועט איר זיך אָנפרעגן א קלאָפּעט!

פריִער פון אַלץ... פריִער פון אַלץ דארף מען ניט שלאָפן קיין נאכט.

אין דער שאָ, ווען פון דער נאטור אַליין איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן זיך איבערצודרייען אין בעט פון דער לינקער זײַט אפ דער רעכטער און אָנהייבן אָטעמען שטילער און רויִקער, אין אָט דער קאיאָר־שאָ אײַלט זיך א מענטש, וואָס האָט זיך פירגענומען דערווײַזן אָט דעם פּראָסטן עמעס, קליאסקענדיק אין דער שטיל מיט די ציין פון קעלט, דורך דער נאסער פינצטערניש — אפ יע־נער זײַט שטאָט, אפ דעם פעלי־פעלד.

דער ווינט איז אופגעשטאנען פריִער פון אַלע. ער יאָגט אום, ראָדעוועט שויג און מאָרדעוועט זיך איבער דער כאָדינקע,

שלעפּט אום אין אַלע זײַטן די פּאַרוסינענע װוּרשט־קישקע, װאָס אַף דעם מאַסט־סלופּ.

זעקס מענטשן זעצן זיך אַרײַן צו צוויי אין קליינע אָפענע אַעראָפּלאַנען. מע שפּיליעט זיי לאַנג אײַן, מע בינדט אונטער און מע שנורעװעט זיי צו צום מאָגער־טרוקענעם קערפּער פון די גרינגע מאַשינעס.

דרײַ אַפּאַראַטן, דרײַ פּילאָטן, איינס אינזשענער, איינס נאַװי־גאַטער, איינס זשורנאַליסט — דאָס איז דער באַשטאַנד פון דעם ניט־געוויינלעכן אַוויאַ־אָטריאַד, װאָס איז אַרויסגעפלויגן אין אַ מאָס־קווער קאַיאָר אין דורשט נאָך רוים, אַף נײַעם גערעאַנגל אין אומענדלעכן קאַמף מיט דער נאַטור, פאַר דעם פּײַערלעכן דער־פּאָלג פון די אויסגעצייכנטע רעװאָליוציאָנערע פּראָסטע עמעסן.

די גרויסע מיזרעכדיקע פלי־עקספּעדיציע האָט דער ראַטנ־פּאַרבאַנד איבערגעגעבן די אוקראַינער. דאָס זײַנען אוקראַינער ניט לויט זייער געבורט־אָרט. זיי שטאַמען פון מאָסקווע, פון מינסק, פונעם נעבן־באַלטישן קאַנט. נאָר מע קען דען זײַן אַן אוקראַי־נער נאָר דעמאָלט, װען מע װערט געבאָרן אין אוקראַינע?

די פליער, די פירער פון אונדזערע דרײַ מאַשינעס, גיבן אָפּ זייערע קויכעס, זייער דרייסטן מוט אַף פאַרטיידיקן אוקראַינע פונדערלופטן. זיי טראָגן זיך װאַפיק אום איבער איר, היטן אָפּ איר גוטס, אירע אַרבעטנדיקע — פון פײַנטישע אָנפאַלן. און אין דער דינסט האַלטן זיי שטענדיק אָנגעגרייט דאָס סאַמע גרעסטע, װאָס אַ מענטש קען נאָר אָפּגעבן — זייער לעבן. זיך שלאָגן פאַר אַ סאָװעטישער אוקראַינע — צי הייסט עס דען ווייניקער זײַן אוק־ראַינער, איידער אַ געבאָרענער פון אוקראַינע?

און די אוקראַינער ערד באַלייט אַרויס אין װײַטן װעג אַרײַן אירע פליער. די פּאַרטאָגיקע טונקלקײַט טרעט אָפּ, אַ גרויסע זון גייט מיט װירדע אַרויס צום אויבנאָן אַפן הימל. רעכטס לויפן פאַרבײַ די נײַינקע הימלקראַצערס און די רעלסן־נעץ פון כאַר־קאָוו. נאָך זיי — װײַזט זיך די װײַסע מיט גרינע קוטשערלעך

פאָלטאָווע. אינגאנצן נאָענט אונטער אונדז זעט מען אָן שווארצע רויכן פון דניעפּראָפּעטראָווסק... און אָט דאָ, אין מעכטיקער שפּרייטונג פון לאָנקעס — די גראנדיעזע בויונג אף דעם אוקראי־נישן טייַך, די גיגאנטישע הרעבליע־פארצוימונגען און דאמבעס, וואָס אפילע פונדאנען, פון דער הייך, פילט זיך זייער מעכטיקער פארנעם, א בעטאָנישער צוים אָנגעטאָן אף דער וואסער־מעשו־גאעס פון די דניעפּער־שוועלן.

נאָך שאָען און שאָען. די שרויפן עקבערן מיט רויִקער אופ־גערייצטקייַט די לופט. דרייַ פייגל גייען, האלטנדיק זיך גלייַך, אף דאָרעם. כערסאָן און געניטשעסק. נאָכדעם — א שמאָלער לאנד־פאס און פינקטלעך, פאָפּולער, ווי אף א שול־לימעד פון געאָ־גראפיע, אנטפלעקט זיך די בלויע טינט פונעם יאם.

נאָר מיר וועלן גיין ווייַטער. מיט א גראָדער ליניע, אלץ מיט א גראָדער ליניע. מיטן מייַרעוודיקן קרימער ברעג — דאָ איז סעוואסטאָפּאָל, דאָ איז דער קאטשא־אעראָדראָם, דאָ לאָזן מיר זיך אראָפּ אָנעמען בענזין און אָפּנעמען אינפאָרמאציעס וועגן דעם וועטער און גיין ווייַטער, איבער דעם יאם, צו די טערקי־שע ברעגן; און ווייַטער, דורך די בערג, גלייַך אינעם הארץ פון קליין־אזיע — קיין אנגאָרע — מיט דער גראָדער ליניע, אלץ מיט דער גראָדער ליניע, וואָס פארייניקט אמקירצסטן צוויי פונקטן.

... אין קאטשא איז אונדז געפעלן געוואָרן דער מעטעאָראָ־לאָג. ער איז געגאַנגען אין א שווארצן יאם־מאנטל, אין א היטל מיט אנקערלעך, אין א פאָרטפעל, — יאָ, טאקע ווירקלעך אין א פאָרטפעל, ניט מיט א פאָרטפעל. פאר פיל מענטשן איז דאָך דאָס־דאָזיקע לעדערנע כייפעצל אף אריַינלייגן אין אים פאפירן — זייער אָפּט א נייטיקע טייל פון זייער אָנטון... ער איז אומגע־גאנגען פול מיט זעלבסטווירדע און מיט דער נאָכגיביקייַט פון א גרויסן מענטשן צו נידעריקערע פון זיך, — א קלייניקער פריסטער. פון זייַן צווייַדייַטיקער וויסנשאפט און פון זייַן בליק האָט „אראָפּ־געשטראָמט" גאדלעסדיקע גוטסקייַט.

— מיט דעם וועטער קען מען אייך פולקאָם באגריסן. דער ווינט איז לאָכלוטנ אינ איער זיט, אבסאָליוטע אָנזעעוודיקייט, נישטיקע וואָלקנס,—נאָר זיי וועלן אוועקגיינ צום מאָמענט ווען איר וועט זיך באוויזנ איבערנ יאם.

— זאָגט נאָר... איר רעכנט דעמדאָזיקנ פראָגנאָז פאר א פעסטנ?

— קיינ פעסטע זאך, מיינע פריינט, איז אינ אונדזער לעבנ ניט פאראנ. נאָר דאָס קאָנ מען שוינ זאָגנ אפ זיכער—איר וועט דורכפליִענ אינ אויסגעצייכנטע באדינגונגען. איך בעט אייך ניט אָפזאָגנ אונ נאָכדעם טעלעגראפיש באשטעטיקנ די ריכטיקייט פונ אונדזער אינפאָרמאציע.

— א דאנק, מיר וועלנ באשטעטיקנ.

די אעראָפלאנענ האָבנ זיך צעיאָגט איבער די שטויביקע קאטשאער שטעכלקעס, האָבנ שארפ א נעמ געטאָנ אפ ארופ אונ מיטאמאָל אוועק אפ דאָרעמ, פונעמ ברעג אפנ יאמ ארופ. א בלייכע פינצטערנ׳ש האָט טויט געהויערט פאָרויס אונדז. מיר האָבנ זיך אויסגעדרייט אונ א קוק געטאָנ אראָפ צום מעטעאָראָ־לאָג—ער איז געשטאנענ פאריסנ דעמ קאָפ מיט דעמ פאָרטפעל ארופ אינ הימל אריינ, געזענ אונדז, נאָר ניט אונדזערע בליקנ מיט דעמ ווייכנ פאָרוווּרפ.

איך ווייס דעמ וועג. מיט פיר יאָר צוריק האָבנ מיר מיט אנ אנדער פליִער צום ערשטנ מאָל דורכגעהאקט אינ די קריש־טאָלענע לופט־מאסיווּנ דעמדאָזיקנ גלייכנ וועג צו יענעמ ברעג. דער שווארצער יאמ האָט זיך אונדז דעמאָלט אונטערגעגעבנ, דערלויבט דורכפירנ איבער זיך א פערפענדיקולערע ליניע.

נאָר וואָס קומט ארויס דערפונ, וואָס מיט פיר יאָר צוריק אונ וואָס צומ ערשטנ מאָל. וואָס זאָגסטו אפ דעמ קאָלומבוס פונ דעמ רויט־פּרעסנער ראיאָנ? די הימלשע סטעזשקע איז פאַרפּראָ־שעט אונ אָפּגעמעקט געוואָרנ אינ דעמזעלבנ מאָמענט, וואָס מע האָט זי דורכגעפירט. די נייע סטעזשקע פירט דורכ אינגאניִוס, דער

נאטשאלניק איבער אונדזער רינג. ער גייט אפצופריער, און מיר האלטן זיך הינטער אים פון רעכטס און פון לינקס, פאָלגעוודיק און ערנסט, ווי אן איבערגעבונדענע מיט א שטריק גרופע רייזנ־דער אין די בערג.

דער הימל ווערט טונקל. אין אים איז ניט פאראן קיין עפּעס באזונדערס שרעקלעכס, כוץ דער צעקאליצעט־גרויער, גלאטער אומדורכזיכטיקייט. נאָר דאָס איז טאקע דאָס שרעקלעכסטע. בי־טער, אז דו זעסט ניט דעם סוינע אין פּאָנעם. שלעכט, אז דער סוינע באהאלט זיך אונטער א מאסקע.

גיך פארלירן מיר דעם ברעג. אויסדרייענדיק מיט שווערקייט דעם קאָפּ פון צווישן די ווינט־וויכרעס, זעסטו הינטער זיך א צעווייקטע אומקלאָרע פליסיקייט.

פונקט אזא פליסיקייט רוקט זיך אָן פון אנקעגן.

און פונקט אזא פון די זייטן.

מע האָט צונויפגעשלעפּט פון אומעטום ברודיקע קישנס און מע איז מעכאבעד מיט זיי, מע לייגט אונדז ארום פון אלע זייטן, פארקוטעט מיט נאסן, רויכיקן פּעכ, מיט גראָבער, שלעכט אויס־געקעמטער וואטע פון הונדערטער טויזנטער אָפּגעטראָגענע, צע־קראָכענע ווינטערדיקע מאנטלען.

אז א פליער פאלט אריין אין אזא שלייף פון כמארעס און וואָלקנס, סטארעט ער זיך שטענדיק ארויסכאפּן זיך נידעריקער אָדער העכער, נעמט דעם ציל אפ עפּעס אן אומבאוועגלעכן פונקט אָדער אונטער זיך אפ דער ערד, אָדער וויַט ערגעץ אפּ־צופריער פאר זיך.

דאָ איז קיין פונקט ניטאָ. פונונטן, אונטער די פיס ליגט, ווי אין א ברונעם, א גלייכגילטיקע, אומעטום אלצייגע שטיק וואַ־סער. און פון אלע זייטן ארום—קיינער און גאָרניט, כוץ אפצו־פריער אינגאניוס, און שיראָקי—אפ דער צווייטער פלי־מאשין, פון רעכטס. צונויפגערוקט אין אייגן ענג בינטל, גייען דריי מאשינעס אונטער דעם איינגעוויגט־איינטאָניקן, ווי די שטילקייט־שטומעניש

אליינ, ריטשענ פונ די מאַטאָרנ, גייענ פאָדויס, קלוימערשט ווי ניט באמערקנדיק דעמ סוינע, וואָס רוקט זיכ אונטער פונ אלע זייטנ. איינ קליינער ליכט־פלעק שטייט אונדז פאר די אויגנ — אהינ איז אונדזער שטרעבונג, דאָרט איז דאָרעמ, דאָרט איז דער ברעג, דאָרט איז אונדזער ציל, דאָרט איז אויס געפאר.

רויקער אונ מונטערער איז צו גיינ גיט איינער אליינ, נאָר אָט אזוי, אינ א רינג, האַבנדיק אינ דער שפּיצ א קאָמאנדיר. ער פירט נאָכ זיכ, ווי אפ א דראָטענעמ פאָדעמ, דעמ גאנצנ לופט־אָטריאד; אינ אימ, אינ דעמ אָנפירער אונ וועגווייזער, איז די לאָגיק פונ דעמ ריכטיקנ וועג, די ענערגיע צו באוועגנ זיכ פאָרויס, מיט אימ איז פאראנ דער גלויבנ אינעמ זיג, אינ בעשאָלעמדיקנ קומענ.

נאָר דאָס הייסט דאָכ זיכ אליינ אָפּנארנ. נאָר דאָס איז דאָכ לאכ־לוטנ מיט גאָרניט ניט קיינ באגרינדעטער נאיווער גלויבנ אינ עפּעס א ניי אוקראיניש־לעטיש געצל אינגאניוס מיט זיינע צוויי שמאָלע פליגעלעכ אונ מיט דער מאגישער ציפער 351 אפ דער טונקל־גרינער פלייצע. ער איז דאָכ פונקט דערזעלבער פּילאָט ווי די איבעריקע צוויי! ער איז פונקט אזוי אומבאהאָלפנ אינ אָט דעמ קאשע־געמיש פונ וואָלקנס, ווי אלע אנדערע! מיר פאָרנ אבסאָליוט אפ אזעלכע מאשינעס, ווי זיינע, אונ די נעמענ אפ דער פלייצע זיינענ בא אונדז קימאט אויכ דיזעלבע, ווי בא אימ: 352, 353... אונ העלפנ אונדז קאָנ ער ניט, פונקט אזויווי מיר קאָנענ אימ ניט.

ניינ, אונדזער גלויבנ איז ניט קיינ גלויבנ גלאט אזוי אינ דער וועלט ארייג. דאָס איז דער גלויבנ פונ יעדער אָרגאניזירטנ קאָלעקטיוו אינ זיינ פירער. דאָס איז דער גלויבנ אונ די דיסציפּלינ, וואָס פארבינדט אינ קעגנזייטיקנ בונד א רויטארמייישנ אָטריאד מיט זיינ קאָמאנדיר. דער אָטריאד, גייענדיק נאָכ זיינ קאָמאנדיר, וועט ניט ברעכנ די שלאכט־ליניע, וועט זיכ ניט צעקריכנ אהינ אונ אהער, וועט ניט אָפּטרעטנ. **דער קאָמאנדיר, צוריק, פילנדיק**

אפ זײַנ פלײצע דעמ בליק פונ זײַנ כײַעל, װעט אַרױסבאַװײַזנ כאַראַקטער, אונ פעסטקײַט, אונ סײכל.

דער סױנע פירט אַרײַנ אינ קאַמפ נײַע מינימ כײַעל! צו די כמאַרעס אונ דעמ נעפל איז צוגעקומענ א שאַרפער, שטאַרק אױפגערײצטער װינט. אפ דער שפּראַכ פונ דעמ מעטעאָראָלאָג אינ קאַטשאַ הײסט עס א שקװאַל־װינט. ער הױדעט שטורמיש דאָס אײדעלע שטענגל פונ די פליגל, דאָס אפ אײנ זײַט, דאָס אפ דער אַנדערער זײַט, דאָס פונױבנ אַראָפ. פּלוצעמ, אַרױסלאָזנדיק א היסטערישנ כליפּ, גיט ער מיטאַמאָל א שמיץ די מאַשינ אַראָפּ מיט דער זײַט, אינ אַנ אומבאַװוסטער ריכטונג, אָדער, אױבּ פּינקטלעכער, מעטעאָראָלאָגיש פאָרמולירנ, גלײַכ צומ טײַװל אינ פּיסק...

װאָס קאָנ מענ אַנטקעגנשטעלנ אַקעגנ אָט די מעכטיקע שקװאַלישע אָנפאַלנ פונ ענערגיע, אַקעגנ אָט די מיליאָנענ דניעפּערבױענ אונ שאַטורעס, װאָס װילדעװענ מיט מעשוגאַעס אינ דעמ אומענדלעכנ רױמ? אַביסל מאַנופאַקטור מיט בענזינ, צוגעבונדנ צו שטאָלענע שטעקלעכ, אונ צװײ מענטשנ, װאָס האָבנ פאַרקלעמט די צײנ אונ צונױפגעדריקט די קני, װאָס דער װיכער שלײַדערט זײ, װי א גרינג שפּענדל. אונ זײ, פאַרשטײט איר מיכ, מוזנ זיכ האַלטנ אײנדערלופטנ. אונ נאָכ פליִענ אינ א באַשטימטער ריכטונג. איבערנ יאַמ דאַרפנ זײ פליִענ. צומ ברעג. קײנ טערקײַ דאַרפנ זײ, אָט די מענטשנ, װאָס זײַנענ צוגעבונדנ צומ לײַװנט אונ צו ד' באַקעס מיט בענזינ!

נאָכ אינ צװאַנציק מינוט אַרומ הײבט זיכ אָנ טונ אַרומ די מאַשינעס עפּעס אַזעלעכס, װאָס איז לאַכלױטנ אומעגלעכ צו־צוקלערנ.

דער װינט שטאַרקט זיכ. ער װאַרפט זיכ אַרופ מיט שרעקלעכנ גרימצאָרנ אפ יעדער קװאַדראַטנ סאַנטימעטער לופט־פלאַכ, װאָס טראָגט אונדז, ער פּרוּװט אָפּברעכנ די פליגל אונ די עקערלאָנענ, דערלאַנגענדיק קלעפּ פונ אַלע זײַטנ.

א רעגן שמײַסט מיט געשווינדע שטראָמען איבער דעם עראָפּלאַן־קאסטן, פארלויפט מיט א שטראָמעלע אונטער דעם קאָלנער. א האָגל קלאפט איבער די גלעזלעך פון די אפאראטן, שלאָגט זיך אָן און שפרינגט אָפּ פון די ברילן־אייגלעך. אלצדינג טוט זיך אָפּ אין שטילשווײַגעניש, ווײַל אלצדינג איז פארטונקלט און באדעקט מיטן רעווען פונעם מאָטאָר. בליצן ע״סן דורך מיט בענגאלישן פײַער אָט די בייזע פייעריע, דעם מעשונע ווילדן געמיש פון צירק מיט קינאָ, אין וועלכן די אָנטײלנעמער פון דער גרויסער מיזרעכדיקער לופט־עקספּעדיציע קומט אויס צו זײַן איינצײַטיק אין דער ראָלע פון אומדרייסטע קאָנטראָמארקע־צושויער און פון רײַטער־דזשיגיטן.

די איינציקע טרייסט איז אָט דער טײַוול־שפּיל — איז דער שײַן־פלעק, וואָס פאָרויס, און די קאָמאנדאָרישע מאשין, וואָס פירט מיט אקשאָנעס דעם רינג. נאָר אפילע אָט דער איינציקער פארגעניגן ענדיקט זיך אויך גיך. דער נעפּל הייבט זיך אָן אויסמישן מיט שניי, ווערט געדיכט, פון איין גאָס. אינגאנצן מאשין זעט זיך אָן אפ דעם ווײַסן עקראן נאָר ווי א קליין סילועט־שטריכעלע. נאָכדעם סטײַעט ער אינגאנצן ניט. אלצדינג האָט זיך אָפּגעמעקט. מע זעט ניט גאָרניט. מע זעט ניט דעם פליִער שעסטעל, וואָס זיצט פאָרויס פאר מיר, ווערליק מיט דער האנט צו דערלאנגען.

א פלינקער וויכערשער ריס, מע ווייסט ניט וווהין, א מעשוגענער פײַף אין די אויערן און אבסאָליוטע בלינדקײַט, וואָס ווערט דורכגעלעכערט מיט אָפּטע בליץ־פײַלן. אָט אהערצו וואָלט מען איצט געדארפט ברענגען דעם מעטעאָראָלאָג פון קאטשא מיט די גאָלדענע אנקערלעך — אפ באַשטעטיקן זײַן אינפאָרמאציע וועגן דעם וועטער!..

אין געפאר־באדינגונגען, ענלעכע צו די איצטערדיקע, ווען די לופט־סטיכיע גייט ניט אפ קיין שום קאָמפּראָמיסן און מעקט קאטעגאָריש אויס דעם עראָפּלאַן, איז דער געדאנק פון

דעם אוויִאטער קאָנצענטרירט אַפ איינס ־אראָפּלאָזן זיך, ווו ס'ניט איז, גרייט צו באַצאָלן אפילע דערפאר מיט ערנסטע פאר־לוסטן פונעם אפאראט און מיט אייגענער צעשעדיקטקייט. דער פליִער קוקט אויס, קלייבט אויס, צילעוועט זיך צו. ער מאנעוו־רירט אין דעם הימלשן אָקעאן, זוכנדיק א מעגלעכקייט זיך צושלאָגן צו דער ערד.

נאָר ווו וועסטו זיך אראָפּזעצן: דאָ איז גראָב געדעדט, דאָ מיט וואס זיך זעצן, נאָר ניטאָ אַפ וואָס.

פאר ערד דינט דאָ וואסער. פאר דער וואסער איז בא אונד־זערע אעראָפּלאנען ניטאָ קיין שווים־שיך, אראָפּזעצן זיך קאָנען זיי נאָר אפן דנאָ פונעם יאם, וואָס איז גאָרניט נייטיק.

בלייבן אונדז נאָר די פאראשיוטן. יאָ, פאראשיוטן—דאָס איז א זאך.

דאָס סאמע רירנדיקע אין זיי איז די אינסטרוקציע, וויִאזוי דארף מען זיך מיט זיי באגיין.

— ... און אָט, ווען פאר אייך איז קלאָר געוואָרן, אז אראָפּ־לאָזן זיך איז אינערגעצ ניט מעגלעך און איר מוזט זיך ארויס־ווארפן אפן פאראשיוט, שטעלט איר זיך אויף פונעם אָרט אין אייער גאנצן וווקס און מיט דעם לינקן פוס גיט איר א שפאן...

— וויִאזוי־זשע וועל איך קענען זיך אוועקשטעלן אין מיין גאנצן וווקס, אז טאָמער פרווו איך זיך נאָר אופהייבן דעם קאָפּ, רייסט אים בא מיר דער ווינט שיר ניט אָפּ מיטן פלייש אינאיינעם!

— דאָס ווייס איך שוין ניט. איר וועט זיך שוין ווי ס'ניט איז אופשטעלן. הייסט עס, פריִער מיטן לינקן, נאָכדעם אויך מיטן רעכטן— שפאנט איר, אריבער איבער דעם באָרטיק פון דער פלי־מאשין און גיט זיך א־ וואָרף אראָפּ.

— ט... טעקס. דאָס אינגאנצן?

— ניין, נאָך ניט אינגאנצן. אָפּגעפלויגן אראָפּ א צוויי־דריי סעקונדעס, מע דארף ציילן ניט געכאפט, געלאסן—גיט איר מיטן

גאנצן קויעך א ריס אפ א זײַט דאָס רויטע הענטל. נאָר מיטן גאנצן קויעך. אנדערש וועט זיך גאָרניט באקומען.

— מיטן גאנצן?

— מיטן גאנצן.

— ווי קאָן זיך צו מיר דערמאָלט נעמען קויעך. איך וועל דאָך דערמאָלט זײַן אין כאלאָשעס, איך קאָן אראָפּפאלן מיטן קאָפּ אראָפּ!

— דאָס גראָד איז א קלייניקײַט. מע קאָן א ריס טאָן בייס מע פליט מיטן קאָפּ אראָפּ אויך, לײַטנ האָבן געריסן — און דאָך נישקאָשע. דער פאראשיוט וועט אײַך עטלעכע מאָל א שלײַדער טון — און נאָכדעם פונדעסטוועגן אראָפּלאָזן אין א ריכטיקער ווערטיקאלער לאגע.

דאָס איז עמעס. די שווערפאָרמיקע און אפן אויסזען לאנגווײַליקע זאָגטן, וואָס ליגן צונויפגעלייגט אפ דעם זיצ־אָרט, ווי געשטעפּטע קישנס, האָבן אָפּגעראטעוועט גענוג לעבנס בא אוואריעס פונעם לופט־פלאָט, נאָר מיט איינ וויכטיקן, וועזנטלעכן פאָרבאדינג — די לעצטע פונקט־סטאנציע פון דער רײַזע איז געווען די ערד. אָבער דאָ? סײַדן צובויען צום פאראשיוט ניט קיין גאָר גרויסע שיפ מיט צוויי קוימענס אפ צושטעלן דעם פאסאזשיר צום ברעג?..

... דער בלינדער גאלאָפּ דורך דעם שלאקסרעגן און דעם נעפל פארלויפט מיט מאָדנע איבערײַסן. פון צײַט צו צײַט ווערט אין דער נאסער טונקלעניש עטוואָס ליכטיק. ווײַזט אויס, פון ערגעץ וויל זיך צו אונדז ארויסרײַסן די זון. ארויס, ארויס! דער געץ אינגאניוס ווײַזט זיך ווידער פאר אונדז, אלס אן אָנפירנדיק שווארצינק ווײַזערל אפן עקראן, — נאָר באלד לעשט זיך ווידער אלצדינג אויס, ווידער דיזעלבע בלינדקײַט, דער רעגן, די ווילדע געשלײַדערײַ אינדערהייך, א ווילדער יאמ־שטורעם אינ־דערלויפטן.

וויפל האָבן מיר געהאט אזעלכע שטורעמס, וואָס זײַנען אָנגעפלויגן אפ אונדז איינס נאָכן אנדערן?

איך ווייס ניט. איך האָב שוין פאַרלאָרן דעם כּעוּשבן. נאָר דאָרט אָפּ דער צווייטער פּלי־מאַשין, פאַרשריבּט און פאַרצייכנט ספּירין, מיסטאָמע, אַלץ.

אונטער אַ קליינטשיקן גלעזערנעם דענעקל, אַפּ אַ פּלאַץ די גרייס ווי אַ טעצל, וואָס מע דערלאַנגט דערויף טיי, האָט אונ־זער נאַוויגאַטער איינגעאָרדנט פאַר זיך אַ גאַנץ אַנשטאַלטעלע: מאַפּעס, טאַבעלעס, רעכענונג־ווירעס, בלאָקנאָטן. אפילע אַ קליינ־טשיק לעמפּל, די גרייס פון אַ וואָלעכש ניסל, באַלייכט דאָרט אָט דאָס אומאָפּהענגיק־געמיטלעכע מענטשן־ווינקעלע אַפּ דעם אָפּענעם עראָפּלאַן הויך אונטער דעם הימל. און אויך אין דער מינוט ווייס איך, אַז איוואַן טימאָפייעוויטש ספּירין פאַרצייכנט אַפּ אַ קאַרטע דעם אָרדנטלעכן שטורעם־אָנפאַל, באַשטימט פון זיינעטוועגן אַ נומער, פאַרפילט פאַר אים אַן אַנקעטע, קוקנדיק דערביי אַפּ די אַפּאַראַט־ווייזערלעך.

ער גיט אַ קוק אַן אומצופרידענער אַפּ דעם אויסגעטומפּטן שפּיץ פון זיין בלייער, לייגט אים מיט עקל אַוועק אָן אַ זייט און נעמט אַן אַנדערן, אַ מער פאַרשניצטן.

די אַפּאַראַטן — נאָר זיי פירן און באַהיטן אונדז אַצינד. די ווייזערלעך לויפן געשווינד, נאָר קאַלטבלוטיק, איבער דעם ציפער־בלאַט. די אויפשריפטן אַפּ די אַפּאַראַטן זיינען אַפּ דער רוסישער שפּראַך, אַפּ דער סאָוועטישער שפּראַך, אָן די „יאַטן" און „יערן". די אַפּאַראַטן האָבן געמאַכט סאָוועטישע אינזשענערן, סאָוועטישע אַרבעטער, אַפּ סאָוועטישע, באָלשעוויסטישע זאַוואָדן. די אַפּאַראַטן און די עראָפּלאַנען, אַפּ וועלכע די אַפּאַראַטן שטייען.

און אָט דאָסדאָזיקע אַרבעט־ווערק פונעם סאָציאַליסטישן לאַנד טראָגט איצט אָפּגעהיט און פעסט אַ קליינטשיקן אָטריאַד באָלשעוויקעס דורך שטורעמס און געוויטערס, דורך דער מע־שוגענערווייז צעבונטעוועטער סטיכיע.

צווישן די אַפּאַראַטן איז דאָ אַ זייגער אויך. אויב רעכענען לויט דעם זייגער, קומט אויס, אַז מיר דאַרפן שוין אונטערקומען

צום ברעג. נאָר פאָרויס זעט מען גאָרניט. ניט קיין בערג, ניט קיין פעלדזן. הייסט עס, אז מיר האָבן זיך פארבלאָנדזעט?

ניין, מיר האָבן זיך ניט פארבלאָנדזעט. גלייך בא אונדז אונטער די פיס, אין נאסער טונקלעניש, האָט זיך צוגעקלעפּט אפ א שמאָלן פּאסיקל פונעם שטיינערנעם באָדן א קליינע שטאָט. דער טערקישער פּאָרט אינאָבעלי, טאָקע פּונקט דער, וואָס שטייט בא אונדז אפ דער גראָדער ליניע, באצייכנט מיט א רויטן בלייער, צווישן מאָסקווע און אנגאָרע. די סאָוועטישע אפּאראטן האָבן געבראכט צו פירן, ווהין מע דארף.

... דער יאם־געוויטער איז שוין געבליבן הינטער אונדזערע פּלייצעס. צוויי שאָ גייען מיר רויִק איבער די בארג־רוקנס פון אנאטאָליע. און אָט איז שוין אינעם טיף־באהאלטענעם טאָל די יונגע הויפּטשטאָט פון דער אומאָפּהענגיקער טערקיי. אלץ שטילער און שטילער יאָגן די מאשינעס אין וואָלקנס הייסן שטויב איבער דעם אנגאָרער אעראָדראָם. אנשוויגן געוואָרן די שרויפן. דער אמבאסאדאָר יאקאָוו זאכאראָוויטש סוריץ דריקט די הענט. באַ־מערקלעך ווייס געוואָרן זיין באָרד, וואָס איז אמאָל געווען די שווארצסטע אין דער וועלט. מיר דערלאנגען אים א פּעקל צייטונגען.

— וואָס, מאָסקווער, פון נעכטן?

— יאָ, מאָסקווער, פון נעכטן — דאָ אין דער טיף פון קליין־אזיע. די גראָדע ליניע — כאָטש זי איז ניט די רויִקסטע, ניט די „זיסטע״, נאָר פונדעסטוועגן איז זי די קירצסטע צווישן צוויי פּונקטן. ריכטיק, וואָס ריכטיק הייסט, אפ דער אייגענער פעל אויסגעפּרוווט.

---

## געלע זאמד

פארוואָס־זשע רופט מען די ערד־אויבערפלאך — קאָרע? ניט קיין קאָרע איז דאָס, נאָר א הויט. דורך איר אָטעמט ריטמיש די פלאנעטע מיט דעם אינערלעכן לעבן פון אירע טיפענישן.

בא איינעם און דעמזעלבן מענטשן איז אף פארשיידענע טיילן פון לײַב א פארשיידענע הויט. די אקסלען זײַנען יונגע, גלאט אָפּגעהובלעוועטע, און די הענט זײַנען שוין אלט געוואָרן, און אונטער די אויגן — שורעלעך קנייטשן.

בא דער ערד, אויב אורטיילן לויט דער הויט, איז אין פאר־שיידענע טיילן א פארשיידענער עלטער. גרוי־גרײַזע, בייזע, געקנייטשטע פעלדזן, טויטע בלייכקײַט פון שנייען, צינערנער גלאנץ פון די אייביקע בארגישע אײַז־מאסיוון, זיי ווײַזן אָן אף אלט־זקיינישע פרירעניש. די גרינגראָזיקע איבערדעקן אף די פעל־דער, די שטײַפע ביימער־געוויקסן פון די וועלדער — דאָס איז די האָר־באוואקסנקײַט פון צײַטיקן מענערשן עלטער.

און דאָ, אונטער די העל־בלויע וואָלקנס פונעם שווײַגנדיקן איראן, איז די הויט פון דער ערד א הוילע, זי איז יונג מיט איר ליכטיקן בראָנדזע־קאָליר פון א דאָרפישער פארברוינטקײַט. פון פארצײַטן אָן האָט דאָ גאָרניט ניט געוויגט די צעגליטע האר־מאָניע פון דער בלענדנדיקער זון און די אָפּגעסמאלעטע זאמ־דיקע בערג. נאָר אף דעם אויסגעקרימטן ברוינעם האלדז־און־נאקן פון דעם שלאנקן דעמאווענד זײַנען פארוואָרפן ווײַסע טיכער שניי. נאָר דאָס באטײַט ניט קיין אלטקײַט. דאָס איז הוילע פראנטישע שמיק.

פערסיע ליגט ווי צעוואָרפן אין א שטארקן יונגן שלאָף. דע־מאווענד שטייט הויך איבער איר, יאָנטעוודיק ארומגעשטרײַפט

מיט דער אומדערטרעגלעכער העלקײַט פונעם הימל. ער שטייט אויסגעטיילט פון צווישן די בערג־קייטן, פרײַ, באַזונדער, נאָר ניט אָפּגעפרעמדט. אַלע וויכטיקסטע פּאָליטישע געשעענישן פון דער אוראַלטער פּערסיע זײַנען דאָך פאַרלאָפן בײַ זײַן נאָענטסטן אָנטייל. דאָ, דערציילן די אַלטע ביכער, האָבן געוווינט דזשעמשיד און רוסטעם, וואָס זײַנען באַזונגען אין די פּערסישע לעגענדעס. דאָ האָט פערידון דער באַזיגער פון דעם ריז זאָגאַק, אָנגעצונדן דאָס געטלעכע קישעפ־פײַער. דאָ געפינט זיך פאַרשפּאַרט אַ שרעקלעכע באַשעפעניש, און די פאַרע־אויסדעמפונג, וואָס שלאָגט אַרויס פונעם קופּערנעם וווּלקאַנישן קראַטער פון דעם מעכטיקן באַרג, באַטײַט ניט עפּעס אַנדערש, ווי דעם רויך, וואָס שלאָגט פון די פלאַמיקע נאָזלעכער בײַ יענער באַשעפעניש. דאָ איז, נעבעך, צוגעקאָוועט צו אַ פעלדז יאַזיד־בען־דזשיגאַד, און זײַן לעבער, וואָס ס׳פּיקט אומופהערלעך אַ ריזיקער פויגל, ווערט אַלעמאָל צוריק לעבעדיק־גאַנץ — אַזעלעכס וואָלט אונדז שטאַרק צונוץ געקומען בײַ די שפּײַז־שוועריקײַטן אין די ראַטווירטן פאַר געפליגל־צוכט. דאָ האָט זיך אויך, — אָט האָסטו דיר, — אָפּגעשטעלט נויעכס טייווע.

סטײַטש, און דער באַרג אַראַראַט?.. ניין, — זאָגן די מאַגאָמעטאַנער פון פּערסיע, — אַראַראַט האָט אַהער קיין שום שײַכעס ניט. נויעך האָט קיינמאָל ניט געקלערט זיך אָפּשטעלן אויף אַראַראַט. שפּײַען האָט ער געוואָלט אויף אײַער אַראַראַט. אַ רעכטע טייווע וועט זיך דען אָפּשטעלן אויף אַראַראַט? אויף דעמאַווענדן דאַרף זיך אָפּשטעלן אַ רעכטע טייווע... די דאָזיקע אומקלאָרע און פאַרדעכטיקע געשיכטע מיט דער טייווע האָט מען שוין לאַנג געדאַרפט געווען פאַנאַנדערקלײַבן, צונויפרופנדיק צוליב דעם אַ צווישנדעפּאַרטאַמענטדיקע קאָמיסיע מיט פאָרשטייער פון דער מאַגאָמעטאַנישער, קריסטלעכער און ייִדישער רעליגיע. אַלס אַן אָביעקטיוון אַרביטער לייגן מיר פאָר דעם געלערנטן טעאָלאָג יעמעליאַן יאַראָסלאַווסקי.

דעמאווענד איז ניט מיט קיינ סאך העכער פונמ עלברוס. נאָר פונ זייַנ שפּיצ־הייך, זאָגט מענ, דעקט זיך אופ אנ האָריזאָנט מער ווי אפ הונדערט טויזנט קוואדראטישע קילאָמעטער. לינקס, נאָענט, קימאט ווי אונטער די פיס — איז די קלייניטשיקע נעצ פונ די טעגעראנער גאסנ. ווייַטער טונקלט זיך עטוואָס פארנ אויג קאָז־ווינ. נאָך ווייַטער — איז די בלויער פלאך פונעמ קאספּישנ יאמ. רעכטס — איספאגאנ...

דאָ באלד, פונ רעכטס, מע זאָל נעמענ אינ די הענט א טעלעסקאָפ, — אונ עפּשער א מיקראָסקאָפּ, קאָנ מענ פאנאנדער־קלייַבנ, — ניינ, ס׳איז, מעגלעך, שווער צו פאנאנדערקלייַבנ, — דרייַ פּיצינקעלעך שטויבעלעך. דרייַ פּינטעלעך.

די שטויבעלעך באוועגנ זיך אינעמ רוימ. זיי זעענ אויס, ווי לעבעדיקע. אונ אינעווייניק אינ זיי רודערנ זיך אפילע עפּעס אזוי־נע מינע מיזער־קליינע מיקראָאָרגאניזמענ. די מיקראָבנ שרייַבנ זיך, אונטער די פּייַפנדיקע ווינט־ווירבערס, איינס דעמ אנדערנ צעטעלעך.

„כ׳ ספּירינ! וואָס פאר א שטימונג איז בא אייַך נאָך דער שטאר־קער קאָפּע? בא מיר אנ אויסגעצייכנטע. איך דענק אפ ווייַטער אויך געבנ דעמ גאנצנ עקיפּאזש אפ אופמונטערנ די נערוונ. אינג."

„שעסטעל! וווהינ טראָגט עס דיך שטענדיק אפ 3000 מעטער?! אויך מיר, מ׳שטיינס געזאָגט, א בארג־אָדלער! גיב א קוק, וויאזוי לייַטנ פליִענ — דער 352־טער איז אינגאנצנ אראָפּ נידעריק אונ־טער אונדז. איך ווער פארפרוירנ! וויפל מאָל מע האָט דיר שוינ געזאָגט! מיכ. ק.".

„אוי, האָסטו זיי, פּעאָפאנ, פייַנ ארייַנגעהאקט, די אמעריקאנער אינ אנגאָרע! איך האָב שיר זיך ניט געעקט פונ געלעכטער, ס׳איז נאָר ניט באקוועמ געוועג זיך פרייענ אינ אָנוועזנהייַט פונ פרעמדע. מעזינאָוו".

פּעאָפאנ שיראָקי, דורכלייענענדיק אונ פארקוועטשנדיק דאָס צעטעלע אינ פויסט, שמייכלט עטוואָס אינ די נאָך צוריק מיט צענ יאָר אָפּגעגאָלטע וואָנצעס. ער פארקוקט זיך איראָניש אפ דעמ

דעמאווענדער קאקאָ מיט דער שניי-מילכ, גלייַכ ווי פאר אימ איז אצינד דער איינעכטיקער אנגאָרער אעראָדראָמ.

אינ אנגאָרע, ערעוו די סאָוועטישע דעמאָנסטריר־פיגורנ אפ די אָנגעקומענע אעראָפּלאנען, האָט עמעצער פונ דער פאָרשטייער־שאפט אומפאָרזיכטיק זיכ אויסגערעדט.

דאָ ניט לאנג איז אהער אראָפּגעקומענ אפ גאסטראָלנ איינער אנ אמעריקאנער. לויט דער ספּעציאליטעט — א לופט־אקראָבאט. בא אימ איז דער אפאראט ספּעציעל צו דעמ צוגעפּאסט. ער האָט דאָ באוויזנ פארשיידענע וווּנדער־שטיק. די טערקנ זיינענ מאמעש געוועזנ איבערראשט. אונ מיר אויכ.

שיראָקי האָט דעליקאט פארביסנ זיינ פּאפּיראָס:

— וואָס־זשע האָט ער באוויזנ?

— דער הויפּט־טריוק איז געווענ א פארשלאָסענער קרייַז, א ווערטיקאלער, איינגאנצנ אויסגעמאכט פונ טויטע שלייפנ, א ספּיראל פונ שלייפנ, וואָס פארשליסט זיכ אינ דער פאָרמ פונ אנ איי. מאמעש א שרעק!

— טא־אקס, פארשטאנען.

פּעאָפּאנ איז גלייַכגילטיק אָפּגעגאנ אינ א זייַט. דער נאטשאלניק האָט לאנג אונ מיט עפּעס א כשאד זיכ איינגעקוקט אינ אימ.

— כאווער שיראָקי! ס'זאָל אייַכ נאָר ניט אייַנפאלנ פּרווונ זיכ פארמעסטנ מיט די קויכעס מיט דעמ אמעריקאנער אקראָבאט. קיינער פאָדערט עס פונ אייַכ ניט. איר זייַנט א דורכשניטלעכער קאדרענ־פליער אונ דארפט זיכ באוויַזנ נאָר אלס אזעלכער. פונ אָנהייבס — נאָרמאלע שפּאציר־אויספלוגנ מיט די פּאסאזשירנ, נאָכ־דעמ עטלעכע געוויינלעכע פיגורנ — אונ דאָס איז אלצ.

— סלושאיו, כ' נאטשאלניק. איכ האָב אפילע ניט אָנגעהויבנ צו מיינענ אויכ. סע איז דאָכ א פּאָסט־מאשינ — ווי־זשע איז דאָ מעגלעכ פאָקוסנ!

אפנ אעראָדראָמ האָט שיראָקי געמאכט עטלעכע סאָלידע אָנ־געקראָכמאלעט־העפלעכע קרייַזנ מיט אָנגעזעענסטע טערקישע

מעלוכע־טוער. ער האָט זיי אופגעהויבנ אינדערהייכ, געפירט אונ אראָפגעלאָזט שטארק געהיט, ווי א פול אָנגעגאָסענע גלאָז מילכ. נאָכדעמ איז ער אופגעפלויגנ איינער אליינ — אונ אָנגעהויבנ פריידיק־פרייטלעכ זיכ ווארפנ אונ זיכ פליעסקענ אינדערלופטנ, זיכ איבערקערנ איבערנ קאָפ, ווי א שטורמיש צעבריקעוועטער קונדעס פלוצימ, אָנעמענדיק הייכ, גענומענ גאָר אראָפ מיט א קאָפשווינדלדיקנ שנור, דורכויס אויסגעמאכט פונ דריבנע־געפערלעכסטע שלייפנ. אונ פארקײַלעכיקט דעמ קרײַז באמ אונטערשטנ אָוואל־עק, — פונקט אזויווי פריער, מיט דיזעלבע שלייפנ, אוועק ארופ, פארשליסנדיק די ספיראל אפ דעמ אייגענעמ אָרט, ווו ער האָט זי אָנגעהויבנ.

די מײַלער בא די טערקישע געסט האָבנ בא אלע ביז איינעמ זיכ אופגעעפנט אינ דער פאָרמ פונ דעמ רוסישנ בוכשטאב „O". די דײַטשנ האָבנ הילכיק אונ פארביסנ אפלאָדירט. די אמעריקאנער האָבנ זיכ אויסגעגלײַכט אונ גענומענ זוכנ מיט די אויגנ זייערע אווטאָמאָבילנ. די פאָרשטייערשאפט־טוער זײַנענ געבליבנ שטיינ האלב־טויטע, ווײַס ווי צייג־פראָשעק. נאָכ אינ א מינוט דרײַ ארומ, פארגעסנ אינ דיפלאָמאטישנ רעשפעקט, האָבנ זיי זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ בעשאָלעמדיק אראָפגעשטיגענעמ אעראָפלאנ אונ צו זײַנ אָנפירער...

הײַנטיקער טאָג איז עפשער דער סאמע שווערסטער אינעמ לופט־רייד.

מיר האָבנ אימ אָנגעהויבנ בא די פערל־שטראָמענ פונ דער טעגעראנישער לעוואָנע. ווו אונ וויאזוי וועלנ מיר אימ ענדיקנ? די שוועריקײַטנ פונ הײַנטיקנ עטאפ זײַנענ שוואכ אָפגעשפיגלט אינ די דרײַ צייטעמלעכ אפ דער מאפע. דעמ אוויאָ־רינג זײַנענ פאָרגעלייגט דרײַ צווישנ־סטאנציעס צווישנ טעגעראנ אונ טערמעז. איינע אינ מעשעכאד, די צווייטע אינ טעדזשענ, די דריטע — אינ מערוו. איז ווי וועט עס זײַנ — אונדזערע מאשינעס וועלנ זיכ צורירנ צו דידאָזיקע אעראָדראָמענ, צי זיי וועלנ שטאָלצ דורכפליענ איבער זיי?

דער, וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם מאַרשרוט פֿון דעם גרויטן מיזרעכדיקן לופֿט־רייד, איז ניט נאָר געווען ערנסט־שטרענג, נאָר אויך דורכגעטריבן־קלוג. צוגעזשמורעט איין אויג, האָט ער זיך געקלערט וועגן דעם עקיפּאַזש אַזוי:

— דרייסט, קאָן זײַן, זײַנען זיי טאַקע דרייסט. וואָס פֿאַרא באָלשעוויקעס וואָלטן זיי געווען, ווען זיי זאָלן זײַן פּאַכדאָנים. נאָר אָט וואָס שײַעך דיסציפּלין, אויסגעהאַלטנקײַט, אויסגערעכנט־קײַט? וואָס וואָלט געווען, ווען מע נעמט זיי, נו, לאָמיר זאָגן, ניט אַף אויסמאָרען זיי, נאָר אַף אויספּרווון זייער געדולד־קראַפֿט? וויאַזוי וועלן זיי שפּאָרן זייערע קויכעס?

אויב איר ווילט, איז דער הײַנטיקער רייד — דער סימוואָל פֿון דעם „לויפֿיקן מאָמענט” אין אונדזער לופֿט־פּלאַן.

די רויטע אוויִאַציע איז אונטערגעקומען צום איבערבראָך־פּעריִאָד פֿון איר אַנטוויקלונג. פֿון דעם בירגערקריג האָט זי אײַנגעהיט דרייסטע מוטיקײַט, פֿאַראַכטונג צו שוועריקײַטן און נויט, באַנוגענען זיך מיט מינימאַלסטע טעכנישע באַקוועמלעכקײַטן, וואַטראָנישע גרייטקײַט פֿליִען ניט נאָר אַף אַן אַעראָפּלאַן, נאָר אַפֿילע אַף אַ טרונע, איבערגעבונדן מיט אַ שטריקל, אַראָפּלאָזן זיך אַפֿילע אַף אַ פֿאַבריק־קוימען.

דער שטרענג־פֿאָדערנדיקער מיליטפּאָלקאָם האָט דאָס אַלץ באַטראַכט פֿאַר נישטיק און ניט גענוג אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿאַרטיידיק־שלאַכטן, וואָס שטייען אונדז פֿאָר אין דער צוקונפֿט.

אים, דעם באַשעפֿער פֿון דער רויטער קאַוואַלעריע, איז געווען צום האַרצן דער דרייסטער פֿרייד־מוט פֿון די לופֿט־רײַטער.

נאָר אים, דעם אַלטן מעטאַל־אַרבעטער און איינעם פֿון די אָנפֿירער מיט דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע פֿון אונדזער לאַנד, איז געווען דערווידער די פּאַרטיזאַנישע, ספּאָרטסמענישע מאַניר פֿונעם פּילאָטאַזש־באַשטאַנד אינעם פֿאַרהאַלטן זיך מיט דער קאַפּריזער אוויִאַטעכניק.

ער האָט אָנגענומען די אוויִאַציע שטײַפּ פאַרן קאָלנער, און
מיט אַ רויִקער צעבייזערטקײַט, ניט שאַנעווענדיק קיין „ראַנג און
נאָמען״ פון איינציקע פּערזאָנען, אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער
פאַרנאַכלעסיקטקײַט אינעם אומגאַנג־שטייגער פון דער אוויִאַציע,
קעגן אומזיניקע בראַוויו־שטיק אינדערלופטן, פיזשאָנישקײַט, אוויִאָ־
גאַדלעס, קעגן גרינגער באַציִונג באַם אויסרעכענען זיך מיטן
ברען־מאַטעריאַל, וואָס ברענגט אָפּט און אָפּט צו אומגעריכטן
אַראָפּזעצן זיך, קעגן גלײַכגילטיקער באַציִונג צו קליינע אַוואַריעס,
קעגן אומזיניקער ענערגיע־פאַרשווענדונג פונעם מענטשן און פון
דער מאַשין. אַ קאַמף פאַר דיסציפּלין, פאַר אַן אײַזנפעסטן רע־
גלאַמענט פון יעדער פלי־טאָג, פאַר טעכנישן פּעדאַנטיזם, פאַר אַן
אַמעריקאַנישער פּינקטלעכקײַט פון איטלעכער באַוועגונג און טראָט,
פאַר אַ פאַרבעסערטן זאַטן לעבנשטייגער פונעם פּילאָט און מע־
כאַניק, פאַר עקאָנאָם און ראַציִאָנעל אויסנוצן זייערע קויכעס.

פון אָנהייב איז דאָס געווען ניט גרינג. נאָר דער באָלשע־
וויסטישער דרוק האָט געטאָן זײַנס. און אַצינד איז שוין דער
גאַנצער לופט־פלאָט פונעם אַרבעטער־קלאַס אַרײַנגעצויגן אינעם
ענדגילטיקן דערציִונגס־עטאַפּ, וואָס שטעלט אים אַוועק אין דער
ערשטער ריי מיט די גרעסטע לופט־פלאָטן אין דער וועלט.

הײַנט איז דער הויפּט־עקזאַמען פון אונדזער אוויִאָ־רינג, פון
זײַנעם, פון פאָלקאָמישן שטאַנדפּונקט. אונדזער דערפאָלג — וועט זײַן
אַ פרייד, אונדזער דורכפאַל — אויסערסט פאַרדריסלעך און אַרומ־
געשטעלט מיט אומעטיקע באַליידיקנדיקע איינצלהײַטן.

אויב די מאָטאָרן זײַנען אויפמערקזאַם דורכגעקאָנטראָלירט און
אויסגעפּרוווט, אויב בענזין און אייל האָט מען געדולדיק אָנגע־
גאָסן פול ביז ס׳האָט ניט גענומען איבערגיין; אויב די געמיש־
טע ברען־פליסיקײַט איז געמאַכט פּינקטלעך לויט דעם רעצעפּט
צוגעפּאַסט צו דער צונויפפּרעסונג פון די מאָטאָרן; אויב די פּיל־
טער־נעצן זײַנען געווען ריין, אויב אַלע שרויפן און שרײַפעלעך,
מוטערקעס און באָלטן זײַנען צוגעלאָזן און צוגעדרייט; אויב די

מארשרוטנ זײַנענ דורכגעארבעט אפ דער מאפע באמ טיש; אויב די אינפאָרמאציע װעגנ דעמ װעטער איז דורכגעלײענט אונ פארפונדעװעט אינ זיקאָרנ; אויב די פליִער האָבנ פאר דעמ אָפפליִענ כאָטש װיפל ס'איז זיכ אויסגעשלאָפנ אונ האָבנ זיכ געזעצט צומ רודער מיט א פרישנ קאָפ — װעלנ מיר, דורכפליִענדיק דעמ מיזרעכ־זײַט פונ איראנ, פארבײַגײענדיק אסטראבאד אונ מעשעכאד, דורכלאָזנדיק טעדזשענ אונ מערװ — בעשאָלעמדיק איבערשנײַדנ די מידבער קארא־קומ אינ איר דאָרעמדיקער טײל אונ מיר װעלנ זיכ אראָפלאָזנ אינ טערװעצ.

טאָמער האָט מענ עפּעס װאָס פונ די דריבנע קלײניקײַטנ פארזענ, אונ זי װעט זיכ נאָכדעמ נויקעמ זײַנ פאר זיכ, װעלנ מיר, — נײנ, מיר װעלנ ניט דערטרונקענ װערנ, װי דאָס איז מעגלעכ געװענ, פליִענדיק איבערנ שװארצנ יאמ, מיר װעלנ זיכ ניט צעשיטנ אפ פיצלעכ, אראָפפאלנדיק אינ א טאָל מיט פעלדזיקע שפיצנ, נאָר מיר װעלנ זיכ מיט הארצװײטעק מוזנ אראָפלאָזנ אפ די זאמדנ אונ זיכ מוזנ זעקס מעסלעס שלעפנ איבער דער מידבער גײענדיק לויט דעמ קאָמפּאס אינ דער ריכטונג, װו ס'געפינענ זיכ ברונעמס — אונ מיר װעלנ זײ טרעפנ לײדיק, אונ אָפּרײַסנדיק די װײַסע שטויב־קאָרע פונ די ליפנ, װעלנ מיר באװאקסנ װערנ מיט א באָרד, װארטנדיק א הילפ. אינ מאָסקװע װעט מענ קראצנ די פּאָטיליצע אונ גרויסשיקנ אנ עקספעדיציע אונדז צו הילפ, מעלדנ די אײגענע אונ די רעפּאָרטיאָרנ, אז „קײנ נײַע יעדיִעס האָבנ זיכ נאָכ דערװײַל ניט באקומענ”.

נאָר אָט איז שוינ פיר שאָ, די פינפטע — זינט מיר פליִענ, אונ די שרויפנ רעװענ אינ פולנ בלי פונ זײערע מעטאלישע קויכעס אונ לײדנשאפטנ.

אסטראבאד האָט זיכ צוריק אָפגערוקט אפ לינקס. מיר זײַנענ שוינ דורכגעגאנגענ דעט גאנצנ כאראסאנער קאנט. צו מעשעכאד זײַנענ מיר אפילע נאָענט ניט צוגעגאנגענ. אונ װאָס װעט זײַנ מיט טעדזשענ? זיכ אראָפלאָזנ, צוגיסנ בענזינ אינ די באקעס אונ

אָפּרישן די קויכעס בא די פליערס פאר דער מידבער, אָדער שוין איצט, נאָך העכער פינף שאָ פליען, אטאקירן קארא־קום?

אינגאניוס פארלאנגזאמערט דעם גאנג. ער וויל זען דעם רינג וואָס נעענטער ארום זיך. די אעראָפּלאנען רוקן זיך ענג צונויף. א שווייגנדיקער אויסטויש פון בליקן. דאכט זיך — מע קאָן.

דאָס פארדאָרבענע, קרענקלעכע גרינס פון מיטל־אזיע שפרייט זיך איבער דער ערד, ווי אומקלאָרע ברודיקע פלעקן. נאָר דאָרט, פאָרויס, רײַסן זיך שארף אָפּ די פלעקן, זיי האקן זיך אָפּ, ווי ס'האקט זיך אָפּ א ברעג. און ווײַטער — איז שוין א בלישטשענדיקער טרוקענער יאם.

נאָך נעענטער — און די מאמאָשעסדיקײַט פון גרענעץ בלײַבט. קיין שום איבערגאנגס־פאס. אינגאנצן דער געפיל, ווי דו רײַסט זיך אָפּ פון א ברעג. די לעצטע ליניע פון פארשטויבטע שטעכיקע קוסטלעך, און מיר גייען איבער א טויטן אויסגעכוואליעטן גאָספלאך פון געלע פארפעסטעטע מידבער־זאמדן.

דער פילאָט רוקט אָפּ פון זיך די צונויפגעדרייטע, ווי א פאפיראָס, פאפירענע מאפע. ניטאָ קיין שום דערקענ־סימאָנים. ניטאָ גאָרניט, וואָס דאָס אויג זאָל זיך קאָנען אין דעם אָנטשעפען. אן אומענדלעכער, פארקײַלעכיקטער באם האָריזאָנט אפּ ארופּ, איינטאָניק־געלער אָקעאן. ער איז איצט רויק, נאָר קליינטשיקע קײַלעכיקע כוואליעס זײַנען אויסגעלייגט איבער דעם גאָספלאך. גיין קאָן מען נאָר לויטן קאָמפּאס.

נאָך צוואנציק מינוט — דער גרינער ברעג, וואָס הינטער אונדז, איז אינגאנצן פארשווּנדן. מיר זײַנען איינע אליין אין אָט דער אזיאטישער סאכארע, ווו ס'איז ניטאָ קיין מענטשן, ניטאָ קיין וואסער, — ווו ארום און ארום איז עלעמענטאר־רויע הונדערטער טויזנטער קוואדראטישע קילאָמעטער זאמד — און מער לאכלוטן גאָרניט! ס'ארא בלענדנדיקער ווידערשפּרוך — אָט די אָנצאָליקע קופּעס זאמד און דרײַ אויסגעצייכנטע, מיט דער קראפט פון מענטשן־געני באוואָפנטע פלי־מאשינעס מיט שטאָלצע אויסיעם "USSR" אפּ די לאנגע פיוזעליאזשן!

ניטאָ קיין שום לעבן, אויסער אָט דער שרעקלעכער מעכאנישער וויכערשער באוועגונג פון דער זאמדיקער מאסע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן לינקס, ווײַט פון אונדז. דער מידבער־שטורעם, דער סאמום הייבט זיך שוין אויף, ער האָט זיך אויפגעשטעלט, ווי א שטײַפער געלער זײַל אינעם רוים און טאנצט אקעגן דעם הודנדיקן אוויִאָ־רינג, אָט דערנעענטערנדיק זיך צו אים, און אָט אָפּגייענדיק פון אים. אויב ער וועט צוקומען, אויב ער וועט דעריאָגן — וועט ער פארדרייען, דרייענדיק פארוויכערן די קליינע לופט־שיפן, וועט פארבלענדן די פליִער מיט גאנצע כמארעס געלער זאמד און זיי א שמיץ טון צו דער ערד — די מידבער וועט זיי צונעמען צו זיך און אופּרעסן דערפון. וואָס זיי, אָט די וואונדערלעכע מעכאניזמען און שיינע שילדן מיט די אויסיעס "USSR", האָבן זיך געוואָלט שטעלן העכער פון איר.

די אעראָפּלאנען און דער עקיפּאזש זײַנען אָנגעשטרענגט פון אקשאָנעס און ווארטעניש. די ווירבל־שטורעמס קאָן מען אויסמײַדן, אָפּקערעווענדיק אין א זײַט, נאָר דעמאָלט גייט פארלוירן צײַט, און דעריקער מע שלאָגט זיך אראָפּ פון עם פעסטן קאָמפּאס־קורס. ניין, בעסער שוין גיין ניט אָפּקערעווענדיק, און זאָל זײַן, וואָס ס'וועט זײַן.

...די געלע טויט־זײַלן האָבן זיך דורכגעטראָגן עפּעס פארבײַ מיט א זײַט. מיר גייען ווידער איבער א גלאטן זאמד־אויסגאָס. נאָר אן אנדער ערנסטע צאָרע דראָט אונדזערע פלענער און צילן.

בײַס מיר האָבן זיך אריבערגעכאַפּט איבער די בערג־מאסיוון, האָט אונדזער רינג געהאָפּט אנטוויקלען א מעכטיקע גיכקײַט, איבער די זאמדן, גייענדיק איבער זיי מיט א נידעריקן גאָל־פּליִ. לאָזט זיך אויס, אז פאר זאמדן דארף מען מוירע האָבן ניט ווייניקער ווי פאר פעלדזיקע בארג־רוקנס. פון זיי שלאָגן ארויס צעגליטע לופט־טאָקן, זיי דרייען וויכעריש מיט געפערלעכע זאמד־ווירבלען, שטויסן און ווארפן די מאשינ. די טויטע אוי־

בערפלאַכ פונעם קופּערדיקן זאַמד־שעטעכ ציט פאַלש־פאַרביסן צו צו זיכ, יאָגט אָן אַפ דעם פלִיער א פאַרשיקערנדיקע שלעפּע־ריקײַט און אָפּגעשוואַכטקײַט, ווי דער קלעפּיקער בויגן פּאַפּיר אַפ דער אומפּאָרזיכטיקער גרינג־פליגלדיקער פליג.

א מער דערטרעגלעכער לופט־פּאַרוואַטער גייט דורכ העכער—מיר גייען קימאַט אַפ צוויי טויזנט מעטער אינדערהייכ איבער דער ערד. און דאָ פּאַטערן מיר בענזין אויסער דעם פּלאַן. הייסט עס, אַז מיר ריזיקירן ניט דער־ציִען ביז טערמעז!

פונדעסטוועגן דאַכט מיר, אַז ס׳איז שוין באַלד אויס מיד־בער. די אַעראָפּלאַנען שלעפּן זיכ שוין איבער איר נישקאָשעדיק לאַנג. און אָט ווײַט, נאָר גאַנץ קלאָר, האָבן זיכ באַוויזן ווייכע בלויע וואַסער־שאָטנס, לאַנגע פּאַסן שאָטן־וועלדלעכ. נאָכ א האַלבע שאָ—און מיר וועלן זיכ אַרויסרײַסן פון דער אומדערטרעג־לעכער היץ־שטיקעניש, פון אָט דער פאַרסאַמטער, פאַרשאָלטע־נער עקלדיק־געלער מידבער־ברייטקײַט.

נאָר שוין פאָריבער א האַלבע שאָ צײַט, און די שאָטנדיקע וועלדלעכ ניט וואָס זיי זײַנען ניט געוואָרן נעענטער, נאָר זיי האָבן אינגאַנצן ניט געסטײַעט. דאָס איז געווען א מיראַזש, אַראָפּגעשיקט פון אונדזערטוועגן ניט פונעם טײַוול, נאָר אַדאַנק די בייז־דראָענדיקע געזעצן פון דער אָרטיקער אָפּטיק! מיר פליִען שוין אַכט שאָ, די נײַנטע—און פאָרויס איז איין און דיזעלבע בלענדנדיקע טויטע געלקײַט.

דער בענזין אין די באַקעס, סײַ אין די אייבערשטע, סײַ אין די אונטערשטע, סײַ אין די, וואָס אין רעזערוו—האַלט שוין באַם סאָף. ס׳האָט זיכ דײַטלעכ געהערט, וויִאַזוי דער מאָטאָר האָט געפּיקט מיט דעם שנאָבל באַם איבערשליסן די ליידיק־געוואָרענע באַקעס אַפ די נײַע, וואָס אין רעזערוו. וואָס טראַכט זיכ דאָרט דער נאַטשאַלניק איבערן רינג? גיט ער זיכ אין דעם אַלץ אָפּ א כעזשבן?

פארמאטערנדיק און קאלטבלוטיק ציט זיך דער שווײַגנדיקער דועל צווישן די מענטשן און דעם רוים איבער דעם אומבא־וועגלעכן אויסגאָס פון דער טויטער מידבער. וואָס וועט זײַן? די אויסגעליידיקטע שטאָלענע פליגן וועלן זיך אראָפּזעצן אפּ דעם קלעפּיקן פאפּיר, זיי וועלן זיך פארגראָבן אין זאמד מיט זייערע גלאנציקע מעטאלישע קעפּ, אָדער זיי וועלן דערשלעפּן ביזן סאָף, דערפליִען?

נאָכאמאָל און נאָכאמאָל פארציפּען זיך פון אומגעדולד צו־נויפּ די ציין. ס'שטופּט דיך ארויסשפּרינגען פון אעראָפּלאן און איבעריאָגנדיק אים אוועקלויפן צופוס מיט דער זאמד. נאָר אָט ווײַט פּאָרויס, צעוואָרפן, אומגעלומפּערט, נאָר דײַטלעך און מא־טעריעל־מאמאָשעסדיק, שטייען די בלויע געדראָלענע סיניעקעס פון אמו־דאריא.

קימאט שוין פּויזענדיק דערשלעפּן זיך צו אים די אנטבלוטיקטע פלי־מאשינעס, גליטשענדיק זיך אהער און אהין, אָפּווארפנדיק גע־שווינדע שאָטנס אפּ דעם אומבלאָנדזענדיקן שטיקלעכווײַז צעריסע־נעם שטראָם־וועג. די מידבער־אײַנוווינער פארגעטערן דעם מיִעס־העסלעכן טײַך פונעם דאָרעמדיקן טורקעסטאן. זיי רופן אים די שיינהײַט. אינדערעמעסן, וואָס קאָן נאָך זײַן שענער פון אָט די שטראָמען, זאָל זײַן בלייכע, זאָל זײַן פון ערד־קאָליר, נאָך דעם געלן וויכער־מעשוגאעס פון די טרוקענע זאמדן!

איצט איז שוין נאָענט. אמו, סטארענדיק זיך ניט איבעריק זיך צו פארבייגן, ווײַזט געשעפּטלעך אָן דעם וועג קיין טערמעז. און אָט האָט זיך באוויזן דער געפלעכט פון נידעריקע געסעלעך, דער שארפּ באצייכנטער פּירעק פון די ליימיקע אָנגעהויפּטע ערד־צוימען. רעגעס—ענדלעך, ענדלעך!—דער שלוס־שטויס אין דעם הייסן ליים־באָדן פונעם אעראָדראָם!

— דערשלעפּט, כ. נאטשאלניק! דערגאנגען. אָן אן אראָפּלאָז. גוט האָט איר זיך אויסגערעכנט מיטן בענזין—ביז דעם לעצטן ליטער.

דער קאָמאַנדיר הייבט אוף איינ ברעמ.

— ביז דעמ לעצטנ, זאָגט איר. אונ באַ מיר איז נאָכ געבליבנ א רעזערוו — קימאַט אפ א שאָ פליִענ... איאָ, עמעס, אז זייער אסאַכ האָט געהאָלפנ די קאָפּע, וואָס מיר האָבנ געטרונקענ פארנ אָפּפליִענ? איר ווייסט, עפּעס אזא געהויבענע שטימונג פונ איר!

פארעכענענ דעמ דערפאָלג אפנ כעזשבנ פונ זעקס גלעזער קאָפּע — שוינ עפּשער צופיל באַשיידנקייט? נאָר מיילע — קאָפּע איז קאָפּע. איכ האָב ניט גאָרניט קעגנ.

# אינ עק וועלט

שטענדיק איז פארנ ארופליִענ — איינס אונ דאָסזעלבע בילד. צווישנ די מאשינעס לויפט אומ אונטער די וויכערס שטויב, וואָס די אָפּגעלאָזטע מאָטאָר-שרויפנ הייבנ אופ, דער לאנגער מעזינאָוו אינ זײַנ לעדערנעמ מאנטל, וואָס איז נאָכ לענגער פונ אימ. אלע, וואָס באלייטנ אונדז ארויס, זײַנענ שוינ אָפּגעגאנ אינ א זײַט. מע האָט שוינ אָפּגענומענ די געשטעלנ פונ אונטער די רעדער. אונ מעזינאָוו לויפט נאָכ אלצ ארומ אונ שרײַט עפּעס באשעפטיקט פארטאָג, צוהאלטנדיק זיכ מאשינעל מיט דער האנט די האָר אפנ קאָפּ, וואָס רײַסנ זיכ ערגעצ אוועקפליִענ.

אינ אונדזער פאָרשטייערשאפט האָט מענ געזיפצט:

— אכ, אָט דער מעזינאָוו אײַערער... ווו איז ער עס שוינ ווידער ניט געסטײַעט?

— צוגעפאָרנ אפנ עראָדראָמ געוואָר ווערנ די מאשינעס.

— נאָר ס'איז דאָכ ניט באקוועמ. איר זײַנט געקומענ זעקס אירע, אונ אז מע קלײַבט זיכ ערגעצ צונויפ, זעט מענ קימאט שטענדיק נאָר פינפ. אלע פרעגנ — וווּ־זשע איז דער זעקסטער?

— יאָ, ס'איז טאקע ניט באקוועמ. אונ ווײַטער — האָט ער הײַנט ווידער ניט געגעסנ קיינ מיטעק. וואָס איז דאָס פאר אנ ארבעט? איר האָט אימ געזענ?

— געזענ. ער האָט געזאָגט, ער וועט עפּעס איבערכאפּנ אפנ עראָדראָמ.

אינ אכט שטעט, אינ דרײַ מיזרעכישע הויפּטשטעט האָט איטלעכער אָנטיילנעמער אינ דעמ גרויסנ מיזרעכדיקנ פלי־רייד באקוקט אונ פארגעדענקט פארשיידענע וואונדער־זאכנ. מעזינאָוו האָט אינ אלע שטעט אונ הויפּטשטעט מער פונ אלצ באקוקט, שטודירט

אונ פארגעדענקט איינע אונ דיזעלבע וואונדער־זאכ—די פלי־מאשינעס
351, 352, 353, אונ די מאָטאָרנ, וואָס אפ זיי, אונ דעם בענזינ
אונ דעם אייל אינ זיי.

אוויאַ־אינזשענער—אזוי רופט מענ אנטאָג מעזינאָוו. א וועד־
טעלע אויסצוריידנ—אנ אוויאַ־אינזשענער. א טעכנישער קאָמאנדיר
פונ דעם קאָמפּליצירטסטנ געביט פונ מעכאנישע באוועגערס, א קוואלי־
פיצירטער ספעציאַליסט פונ א שווערנ, מיט פארשיידענע וויסנ־
שאפטנ איבערגעפלאָכטענעם געביט פונ פלי־פארקער. פונוואנענ־
זשע שטאמט אָט דער מעזינאָוו? אינ וועלכע אינסטיטוטנ, רוס־
לענדישע אונ אויסלענדישע, האָט ער באקומענ אונ געפורעמט
זיינ בילדונג? אונ אינ וועלכע אקאדעמיעס, אפ וועלכע וויסנ־
שאפטלעכע קאָנפערענציעס האָט ער פארפולקאָמט זיינ קוואליפי־
קאציע אינ די לעצטע יאָרנ?

ניינ, מעזינאָוו איז אָנגעקומענ דורכ אנ אנדער טיר.

די סאָוועטישע ארבעטער האָבנ צוגעטראכט אונ דורכגעפירט
אינ לעבנ אנ אנטקעגנדיקנ אינדפינפלאנ. אונ זיי האָבנ אויכ צוגע־
טראכט אונ דורכגעפירט אינ לעבנ זייערע אנטקעגנ־אינזשענערנ.

אינ אויסלאנד שרייבט מענ וועגנ „קאָפּשווינדלדיקע״ קאר־
יערעס גאנצע בענדער, אונ מע קלאפט וועגנ דעם מיט די ציינ־
גער הונדערטער יאָרנ נאָכאנאנד. אונ בא אונדז איז דאָס אפילע
ניט קיינ „אויסנאם־פאל״—דאָס איז א דורכשניטלעכע, געוויינלעכע,
ברייט אָרגאניזירטע דערשיינונג. מעזינאָוו איז אָנגעקומענ אינ
לופט־פלאָט אלס רויטארמייער, געהאָלפנ איבערקייקלענ אייזערנע
פעסער. נאָכדעם איז ער געוואָרנ א מאָטאָריסט, א מעכאניק, אנ
עלטסטער מעכאניק. אונ גייענדיק מיט דעמזעלביקנ וועג, ניט
אָפּרייסנדיק זיכ פונ דער פּראָדוקציע, ניט פארלאָזנדיק זיינ
באשטענדיקע ארבעט אינעם לופט־טראנספּאָרט—זומער די ארבעט
אפנ אעראָדראָם, ווינטער די לימודים אינ אקאדעמיע—איז ער
געוואָרנ אנ אויסגעצייכנטער, הויכקוואליפיצירטער אינזשענער פונ
לופט־פארקער.

אַף וויפֿל אויסגעצייכנט? אַף וויפֿל קוואַליפֿיצירט? ענדגילטיק־פֿולע אויספֿיר־באַשלוסן וועט מען קאָנען מאַכן ערשט נאָכן רייד. נאָר אַפֿילו אַצינד, הײַנט, וועט מעזינאָווס קוואַליפֿיקאַציע און אונדזער אַלעמענס זיך מוזן אופֿהייבן קימאַט ביז אַ הייך פֿון זעקס קילאָמעטער.

הײַנט — איז הינדוקוש.

איבער דעם טאַקע האָט אונדזער עקיפּאַזש, אָפּרוקנדיק ווײַט אין אַ זײַט אַלע פֿאָדערונגען פֿון מינימאַלסטער עלעגאַנטישקײַט, אָנגעפּרינדעט אַף זיך אַלע וואַרעמע שמאָטעלײַעס, וואָס מע האָט נאָר געקענט געפֿינען.

איבער דעם טאַקע פֿאַדעט אַזוי אומרויִק מעזינאָוו אום אַרום די מאַשינעס. ביז אין דער לעצטער מינוט היפּנאָטיזירט ער זיי מיט זײַן בליק, גלעט, באַטאַפּט, באַשמעקט.

אונדזער רינג האָט באַקומען אַ באַפֿעל דורכמאַכן צען טויזנט קילאָמעטער. געבליבן נאָך דרײַ טויזנט — שוין ניט אַזאַ סאַך. נאָר ווי זאָגט זיך פֿאַרט אינעם אוקראַיִנישן ווערטל: ניט ־וויכטיק זײַנען די ווערעם, וואָס מיר עסן, נאָר די, וואָס עסן אונדז. אַף די פֿלי־מאַשינעס דריקן ניט די דרײַ טויזנט פֿאָרשטייענדיקע, נאָר די זיבן טויזנט דורכגעמאַכטע קילאָמעטער.

זיבן טויזנט... פֿונדאַנען, פֿון דער אַפֿגאַנישער גרענעץ איז ווײַטלעך צו פּוילן. נאָר דער שווערער בײַשפּיל פֿון דעם לעצטן פּוילישן לופֿט־רייד איז באַלערנדיק דאָ אויך.

דער פּוילישער לופֿט־רײַד האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט דרײַ טעג פֿאַר דעם, איידער אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן. פֿאַרענדיקט, ווי זאָגט מען עס, ניט אַזוי פֿויגלדיק.

דאָס זײַנען געווען יערלעכע מיליטערישע פּרווו־געוועטן צווישן דאָרעם־סלאַוויע, טשעכאָסלאָוואַקיע, רומעניע און פּוילן. פּוילן האָט אַוועקגעשיקט אין רייד זעקס פֿלי־מאַשינעס.

און־

די פלי־מאשינ „ליובלינ R VIII" נומ. 19 האָט זיכ אוועקגעלאָזט אינ וועג ארײַנ מיט א מאָטאָר, וואָס איז ניט געווענ אינ אָרדענונג. זי איז געבליבנ שטעקנ ערגעצ לעבנ טיעשינ.

די פלי־מאשינ „פאָטעז" נומ. 25 איז געבליבנ שטעקנ אינ טשעכאָסלאָוואקיע איבער דעמ, וואָס ס'איז איר אויסגעגאנ אייל.

די פלי־מאשינ „ליובלינ R VIII" נומ. 24 האָט זיכ צוויי מאָל געזעצט איבער דעמ, וואָס דער מאָטאָר האָט געארבעט שלעכט.

פונ זעקס פלי־מאשינעס האָבנ נאָר צוויי זיכ דערשלאָגנ צומ ענדפונקט, נאָר שוינ באקומענ די לעצטע ערטער אינעמ געוועט. כוצ פיר צעקלאפּטע מאשינעס אונ איינ בלוטיקנ מענטשנ־קאָרבנ, האָט אָט דער לופט־רייד אופגעפרעסנ. נאָכ איינ לעבעדיקנ קאָרבנ, אָנ בלוט—דער שעפ פונ דער פוילישער אוויאציע רײַסקי האָט אָנגעשריבנ אפ א גרויסנ בויגנ פאפיר א ביטע, מע זאָל אימ באפרײַענ פונ זײַנ ארבעט.

אינ וואָס באשטייענ די סיבעס פונ אזא בלענדנדיקנ דורכפאל פונ דעמ פוילישנ רייד?

דער פּאָלקאָווניק רײַסקי דערקלערט דעמ דורכפאל דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט אויספּרוּווּנ אינ דעמ געוועט יונגע פליער, אונ יענע האָבנ די פּרוּווּנ ניט אויסגעהאלטנ. מיר האלטנ, אז דידאָזיקע דערקלערונג איז ווײַט פונעמ עמעס אונ איז ניט ערלעכ אויכ.

בא איינער פונ די אומגעקומענע פלי־מאשינעס האָט זיכ אָפּגעריסנ אינדערלופטנ דער פּראָפּעלער. וואָס פאר א שײַכעס האָט דערצו דאָס, וואָס דער פּילאָט איז נאָכ א יונגער? קיינ שומ שײַכעס. א „שײַכעס" האָבנ אהער גאָר אנדערע זאכנ. די באַשטימטע כאלטורע באמ באקומענ די מאשינעס פונ דער פאבריק. די אויסערסט געפערלעכע קנעכטישע אײַנגעגלייבטקײַט אינ די אויסלענדישע, אינ דעמ פאל—פראנצויזישע פירמעס, אונ אויכ אינ די פראנצויזיש־פוילישע, ווי צומ בײַשפּיל, „פליאגע אונ לאסקעוויטש". דאָס ניט גלייבנ אונ גרינגעשעצנ דעמ אייגענעמ קאָנטראָל, אלצ אינ די הענט פונ די קאָמערציאָנעלע בלאָפערישע

אינזשענערן—אנשטאָט צוציִען די אייגענע, אין דער ארמיי דער־צויגענע, פון די טיפּעניִשן פון דער אוויִאציע געקומענע און ביזן סאָף איבערגעגעבענע אינזשענערישע קרעפטן...

אויסדריקנדיק די פּויליִשע שכיינים אונדזער באַדויערונג אין צוזאמענהאנג מיט דעם אומגליקלעכן צופאל, וואָס זיי האָבן גע־האט, לאָזן מיר איבער ווארשע און קערן זיך צוריק אום קיין טערמעז, זעצן זיך ארוף אף דעם בענקעלע פונעם פליִער־באַאָבאכטער און מיר פליִען ווייטער פאָרויס, אָט צו יענע אָנ־געכמורעטע, ביז־בלוילעכע פלעקן, וואָס אף דעם האָריזאָנט.

הײַנטיקער רייס וועט זײַן ניט קיין לאנגדויערנדיקער. עטלע־כע צענדליק מינוט פון אמו־דאריא—און מיר קומען שוין אונ־טער צו א גרויער, גלײַכגילטיקער פעלדזן־קייט. זי קוקט ניט אף אונדז. ווי א כײַע באַם שלאָפן האָט זי ארונטערגענומען אונטער זיך די מאָדדע מיט דעם ווײדל, מע זעט ניט וווּ איז דער אָנ־הייב, וווּ דער סאָף, וווּ איז דער ווײדל און וווּ די פיס.

גייענדיק ארוף אונטער א מעשופּע ווינקל און זשוזשענדיק פאָרזיכטיק, נעמען די מאשינעס אָן הייך. דאָ, אין דער אויסער־געוויינלעכער שפּיל פון דער דאָרעמדיקער בארג־לופט און שײַן, קומט אויס יעדער טראָט פאָרויס שטעלן באטראכט און מיט כעזשבן, מיט א רעזערוו פאר מאנעווורירן—אלע מאסשטאבן, אלע שטרעקע־מאָסן זײַנען דאָ אילוזאָרע. דיר דאכט זיך, אז דער בארג איז נאָענט—און ער איז גאָר ווײַט. דיר דאכט זיך, אז ס'איז נאָך צו אים ווײַט—און מיטאמאָל פליסטו אָן און צע־קלאפּסט זיך אין אים.

קעדיי עס זאָל ניט געשען קיין שום בארג־שפּאס, דארף מען זיך נאָך אופהייבן אף זייער א ווײַטער הייך, וואָס זאָל שוין אף זיכער אריבערשטײַגן די בארגישע צוים־ליניע, און אוועקגיין האָריזאָנטאל, נאָר אזוי, אז מע זאָל ניט דארפן אין דער לעצ־טער מינוט געבן א שפּרונג אריבער איבער א נײַ ארויסגע־שפּרונגענעם בארג.

אזוי טוען מיר טאקע. צוגרייטגדיק זיך לאנג, גייען מיר צו צו דער קייט פון גרויע פעלדזן, האָבנדיק זיי אין דער נידעריק פאָרויס פאר זיך. אזוי מיט פאָרזיכט פאָרויס קוקנדיק און באַטראכט מײַדן אויס די פלאכסטעפישע סאָוועטישע פליִער די אומגעוויינלעכע פאר זיי בארג־שטערונגען... נאָר — וואָס איז דאָס פאר א דורך!

הינטער דער הוילער, גרויער שפּיצבארגישער וואנט שטייט א צווייטע, נאָך א מער הוילע און גרויע, און דעריקער — נאָך א העכערע פון דער ערשטער.

דאָס, וואָס מיר האָבן מיט מי אריבערגעשפּאנט — איז נאָר געווען דאָס ערשטע טרעפּל, די ערשטע שוועל באַם אריַינגאנג אין דיווירקלעכע גראניטישע הייכן.

די פרײַע מיט, וואָס צווישן די ווערטיקאל־שטײַגנדיקע פעלדזנווענט, איז נישטיק קליין דאָ. גייענדיק מיט א גלײַכן קורס, וועסטו קיין נײַע הייך ניט אָנעמען. דער רינג גיט זיך א לאָז אוועק צעשאָטן — באזונדער, ניט אפ גלײַך, איבערשנײַדנדיק, נאָר קימאט מיט דער לענג פון דעם פעלדזן־קאָרידאָר. די פליִערס זוכן עפּעס אן אריבערשפּאן־אָרט — עפּעס אן אויסגעגעסענע לאָך אינעם דורכויסיקן בארג־מאסיוו, עפּשער דאָרטן ארום וועט מען זיך קאָנען ארויסכאפּן. די פינגער האָבן אָנגעהויבן פרירן — דער טערמאָמעטער, וואָס אפ דעם פליגל־אונטערשפּאר, ווײַזט פינף גראד פראָסט.

ניטאָ קיין דורכרײַס־לאָך. די מאשינעס, אומרויִק אונטערקלינגענדיק מיט די שרויפן, דראפּען זיך אלץ ארופ און ארופ. דעם גאנצן וועג זײַנען מיר ביידע מיטן פּילאָט געזעסן אפ איינע הייכליניע, און איצט, פונקט אזויווי אין א וועגעלע, וואָס פּאָרט קלעטערנדיק בארג־ארופ, קומט אויס דער, וואָס זיצט פונפאָרנט, העכער פון דעם, וואָס זיצט פונהינטן. די מעטאלישע פּאָסטראָמקעס ציִען זיך שטארק און און לאָזן דיך ניט זיך ארויסגליטשען פון דײַן אָרט. פריִער איז דער הימל געווען בא דיר איבערן

קאָפּ, און דאָ קומט דער הימל אויס אינדערקאָס, דו פּאַלסט אין אים מאַמעש גלײַך מיטן פּאָנעם. דער אַלטימעטער באַווײַזט די הייך — זײַנע ווײַסע ווײַזערלעך קריכן מיט אַ שווערן טראָט אי־בער דעם שוואַרצן ציפערבלאַט צו ניט־געוויינלעכע ציפערן 3500, 3700, 3800. די לעצטע איז דאָ זעקס טויזנט. געשיקט זיך, מע זאָל דערלאַנגען ביז איר? און אויב מע וועט נאָך דאַרפן ווײַטער?

די צווייטע בערג־קייט פליען מיר אַריבער קימאַט אויף דער הייך פון פיר טויזנט מעטער. מיר גייען אַרויס אויף אַ גאַנץ ברייטן געכוואַליעטן פּלאַטאָ. דאָ, פּונקט ווי אויף די באַרג־רוקנס — ניטאָ אינערגעץ קיינע שום סימאָנים פון כײַעס און געוויקסן. דאָ, אין שאַרפער קעלט, אונטער די האַרטע, צונויפגעפרוירענע שנייען, קאָן זיך ניט אויפהאַלטן אַפילע קיין לעצט פּיצל שימל־גראָז.

נאָר דער פּלאַטאָ ענדיקט זיך אויך. ווידער אַ ווערטיקאַל־אַרופשטײַגנדיקע וואַנט פון שטאָלענע, אַכזאָריעסדיקע, גרויסע פעלדזיקע בערג. דאָ איז די סאַמע העכסטע פעלדזן־ליניע פונעם באַרג הינדוקוש — אַבסאָליוט ניט צו פאַרשטיין, וויאַזוי קאָן מען זי בײַקומען.

דער רינג קלײַבט זיך אַרויף אַלץ העכער און העכער אַרויף. דער אַלטימעטער האָט שוין באַוויזן אי 4 קילאָמעטער, אי 4200, אי 4600. ער פילט שוין מער ניט קיין שום שרעק און רײַסט זיך שוין צו דער ציפער 5000, און נאָך ווײַטער. צוויי מאַשינעס האַלטן זיך אויפצופריער, און צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר זיך אײַנגאַנצן אָנגעקלעפּט אין דער וואַנט, מיר קלעטערן איבער איר לענגויס, קעדיי נאָכאַמאָל ערגעץ אָפּזוכן ווו אַ דורכגאַנג, עפּעס אַ לאָך.

דאָס מאָל האָט זיך געפונען אַ לאָך. מיר זײַנען אַרײַן אין סאַלאַנג — דער איינציקער באַרג־שפּאַלט, דורך וועלכן מע קאָן בײַקומען די שפּיצן פונעם העכסטן אַזיאַטישן באַרג־מאַסיוו.

...דידאָזיקע ערטער זייַנען ניט פאר קיין מענטשן. דידאָזיקע ערטער אין עק וועלט האָט די נאטור איבערגעלאָזן פון אירעטוועגן אליין, קעדיי איינע אליין מיט זיך, אָן טומלעניש, אין מעכטיק־פייַערלעכן שטילשווייַגן זיך פארטיפן אין אירע פלאנעטארע געדאנקען — און דעם מענטשן, וואָס האָט זיך מיט האָזעדיק־האסטיקן קויעך פון זייַן אייגענער געניאַליטעט ארופגעטראָגן אפ די שרעקלעכע בארג־הייכן, כאפט ארום א שוידער און ער ווערט אנטשוויגן פון שרעק.

דאָס, וואָס רופט זיך בארג־שפאלט סאלאנג, — איז אינדערעמעסן א ווילד־פארדאָרבענער כאאָס פון איינציקע מיט אייַז באדעקטע בארג־שפיצן, זינקענדיקע אָפגרונטן, געדרייטע און גליטשיקע בארג־אראָפן צום טהאָם אליין. ניטאָ און ס'קען ניט זייַן קיין שום באשטימט־דורכגעלייגטער וועג אין אינעווייניק פון אָט די גיריק־צעעפנטע יאסלעס מיט די אויסגעשטשירעטע פעלדזישע באקציינער. דער לופט־אָטריאד גייט דורך דעם סאלאנג מיט א געדרייט־געבראָכן סטעזשקעלע.

וואָס איז געוואָרן פון אָט דעם בראַוון אָטריאד, וואָס איז ארויסגעפלויגן, אויסגעשטעלט אין אזא פינקטלעכן פראנטישן דרייַעק, פון דעם מאָסקווער און דעם אנגאָרער אעראָדראָם! דער איינגעשטעלטער פלי־סיידער בא די מאשינעס האָט זיך צעשטערט, די פלי־מאשינעס הינקען אונטער איינס נאָכן אנדערן, שיר וואָס זיי שלאָגן זיך ניט אָן איינס אינעם צווייטן, — דאָס ווארפן זיי זיך זוכן א וועג באזונדער, פארלירנדיק איינס דאָס אנדערע, קריכן אריבער איבער באדעקטע מיט אייַז באריערן, מייַדן אויס שרעקלעכע בארג־פיפקעס. די מענטשן זייַנען אזש בלאָו געוואָרן, די מאשינעס האָבן זיך באדעקט מיט פראָסט. בא אינגאַנצן איז אונטער דעם ראַדיאַטער געוואָרן א גרויסער סטראָמפ פון אייַז. דאָס ווייַזערל באם אלטימעטער שפרינגט שוין אונטער ביז 5700 און ציטערט מיט א דריבנעם ציטער אפן ציפערבלאט בא דער שלוס־ציפער 6000.

די פינגער אפ די הענט און אפ די פיס האָבנ זיך פארוואנדלט אינ שטיקלעך קאלט אײַזנ. און אינ האלדז, אינ האלדז ארײַנ גיסט זיך אָנ אופהער נאָך קיינמאָל ניט קיינ פארזוכטער וווּנדערלעכער דורכזיכטיקער געטראנק, אָט די זעלטנסטע לופט פונ די אייבערשטע אטמאָספער־פלאסטנ, וואָס איז ניט צוטריטלעך ניט פאר קיינ מענטשנ, ניט פאר קיינ פייגל, יענע לופט, וואָס וועט קיינמאָל ניט באַרירנ די שטויביקע אלט־באזועסענע ערד.

נאָך, נאָך א שלונג טונ פונ אָט דעם אײַזיק־קאלטנ געטראנק! זאָל דער ווינט אָפּסמאלענ מיט פראָסט די ליפּנ, דורכקריכנ דורכנ שליעם צו די אויערנ, שטעכנ ווי מיט נאָדלענ די הויט אפנ קאָפּ, זאָל די פארע, וואָס מע אָטעמט ארויס, אנ אָפּגעקילטע זיך געדיכט אָפּזעצנ אפ די גלעזער פונ די ברילנ— נאָך, נאָך א שלונג, טרינקענ, אָנ א סאָף טרינקענ, זיך פארכלינענ טרינקענדיק אָט דעם קאלטנ הינדוקושער שאמפאניער, באָדנ אינ אים דעם האלדז און די לונגענ ביז מעשוגענער ווארפעניש פונעם בלוט בא די שלייפנ, ביז שווינדל אינ קאָפּ, ביז דעם שוועבנ פונ בונטפארביקע כוואליעס פאר די אויגנ!.

די הייך איז שוינ דערגאנגענ קימאט ביז זעקס טויזנט קילאָמעטער. דער דרוק פונ דער לופט איז מיטאמאָל געפאלנ. עטעמענ איז אסאך שווערער. איז אָט פארוואָס סע האָט זיך געשאפנ א נויט צו שלינגענ אָנ אופהער די לופט, א נויט אינ אָט דער מאָדנער פארשיקערונג מיט דער לופט.

דער טערמאָמעטער אפנ פליגל ווײַזט פערצנ גראד פראָסט. ער איז זייער א לאנגער, אָט דער טערמאָמעטער, ענלעך אפ דעם, וואָס הענגט... דאָרט, פונ רעכטס, באם וועסטיביול פונעם מאָסקווער ראט. און אינדערעמעסנ גערעדט—ס'וואָלט גאָרניט שלעכט געווענ צו זײַנ אצינד דאָרט, אוועקשפאנענ מיט דער טעפּיכסטעזשקע אינעמ קאבינעט פונ דעמ פראָלעטארישנ לאָרד־מער, א שמועס טונ מיטנ פעטער קאָסטיא מיקויעך דער גרינער שטאָט...

אלס ענטפער טאקע אפ דעם אָ געדאנק גיט דער מאָטאָר א טיפן שלוקערצ און שטעלט זיך אָפּ. מיר פליִען שארפ־שארפ אראָפּ צו דער ערד. וואָס איז דאָס? א קאטאסטראָפע? א צי טנו דעם פאראשיוט? ארויסוואַרפן זיך... אָט דאָ אָ?!..

ניין, די אנדערע מאשינעס האָבן אויך אויסגעשלאָסן דעם גאז. הייסט עס, יאָ. דער סאלאנג האָט אונדז ארויסגעלאָזט. דער הויפּט־מאסיוו איז שוין אריבערגעשפאנט. איצטער שליטלען מיר זיך אראָפּ אפ א שליטעלע מיטן קויעך פון אינערציע — פון א בארג, וואָס איז די הייך קימאט זעקס קילאָמעטער. א ווונדערלעכע קאטאשקע. געשווינדער, דרייסטער! נאָך מער זיך צעלויפן!

מיר ריזיקירן, צעלויפנדיק זיך, אריבערכאפּן די מאָס. מיר קאָנען איבערשיסן איבער קאבול, אריבערשפּרינגען קיין אינדיע — פון אָט דעם טשאריקגירער טאָל, וואָס האָט, גלעטנדיק דאָס אויג מיט זיינע גרינס, זיך אויסגעשפּרייט דאָרט אראָפּ, — פונדאנען איז סאכאקל דרייסיק מינוט פליִען ביז דער אינדישער גרענעץ. און די ענגלענדער וועלן ווערן מאָלע קאס און זייער פרעסע וועט אופהייבן גאנצע גוואלדן וועגן דעם כוצפּעדיקן ארייַנדרייסן זיך פון די באָלשעוויקעס אין דעם קעניגרייך פון דער בריטאנישער קרוין... אלציינס, גיכער אראָפּ! גיכער צו דער ווארעמער ברוסט פון דער ערד, צום רויך פון די מענטשישע היימען, צום רויך פון די שאָפענע פעלצן, צו די אייגענע, פּאָשעטע מענטשן אָן פליגל, צו זייערע ליבעס און געשלעגן, צום קאמפ, וואָס ציט זיך פון אייביקע יאָרן צווישן די געדריקטע מיט די באדריקער.

— — — — — — — — — — — — — —

אָט אזא איז דער דראמאטישער פאטאָס פון דעם שטאָלצן שפּרונג איבער דעם שנייִקן בארג־רוקן פון אָנהייב אזיע. נאָר קעדיי צו באקומען אן אבסאָליוט פול בילד, פאָדערט זיך עטוואָס זאָגן וועגן דעם פליִער סעמיאָנאָוו, כאָטש ער שטייט ניט אין די עקיפּאזש־צעטלען פון דעם גרויסן מיזרעכישן רייד.

שוין העכער א יאָר צײַט, אז די סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אײַנגעאָרדנט גאנצע רעגולערע רייסן פון טערמעז קיין קאַבול אין פארמאכטע פאסאזשירישע „יונקערסן". דער אוויאַטער סעמיאָנאָוו איז איינער פון די, וואָס באדינען דידאָזיקע קאָטאָרזשנע ליניע. ער האָט זיך געהאלטן זייער נערוועז און פלעג קרענקלעך איבערלעבן יעדער רייזע. שפּעטער איז ער געוווינט געוואָרן מיט די צאָרעס. און נאָך שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן אָנטרינקען שיקער לאָט. אין אָנהייב פלעג זיך עס בא אים טרעפן אין יענע וואָכן, ווען ער איז געווען פרײַ פון די רייסן. נאָכדעם האָבן די אינטערוואלן געגומען ווערן אלץ קלענער. דער איבערבראָך איז פאָרגעקומען אין יענעם פאטאלן טאָג, ווען אייבער דעם סאלאנג זײַנען צוליב דעם צו נידעריקן אויסערלעכן דרוק ארויסגעפלויגן די קאָרקעס פון די פלעשער אין סעמיאָנאָווס קוישל, און די בריִקע פליסיקײַט, דורכגעגאנגען דורך א שפּאלט אין דער קאבינע, האָט באשפּריצט די אייביקע שנייען. דאָ האָט דער פליִער זיך שוין דערפילט באליידיקט. זיצנדיק אײַנגעהויקערט פאר דער גרויסער אינדישער בראָנפן־פלאש, וואָס איז געווען ארומגעפלאָכטן מיט א הײַנטוועלטיקן קוישל, האָט ער שיקערלעך זיך געבייזערט מיטן פינגער אפ דער פארביסענער פעלדזלאָך.

— דו מיינסט, אז דו ביסט סאלאנג, — מעגסטו שוין אלצדינג? וועל איך נעמען און דיר אפצולאָכעס פליִען א שיקערער, און איך לאך פון דײַן טאטן.

צום גרויסן באדויערן האָט סעמיאָנאָוו גאנץ אָפט דורכגעפירט זײַן סטראשונאָק אין לעבן. בייס דעם אופשטאנד פון באטשע־סאקאָ האָט ער עוואקויִרט פרויען און קינדער טאקע זײַענדיק פונקט אין אזא אונטערגענעצטן צושטאנד. און דערצו נאָך געוואָרטשעט אויך:

— וואָס בין איך עס, — א פּילאָט, א פליִער, צי א ווײַבערשער באלעגאָלע?

אינ די קאלטע קאבולער אפדערנאכטנ ציט זיכ שאָקלענדיק דער באפוילער פונ די בארג־הייכנ צומ לעמפעלע, וואָס אונטער דער סטעליע, אונ באקלאָגט זיכ פאר דעמ מיט א כליפענדיקנ קאָל:

— אוועקגעפאטערט! פ־פארטראָטנ אינ דער ערד די הייליקע קונסט פונ דער אוויִאציע! וואָס איכ בינ, זאָג מיר! דער באפוי־לער פונ דער נאטור, דער קייסער פונ דער לופט—אָדער א פור־מאנ אינ הימל! איזוואָזטשיק אפנ הינדוקוש, דרייַסיק קאָפייקנ!

---

# א ראַפּאָרט דער נאַטשאַלסטווע

פאַרצייכענענדיק דידאַזיקע טעטיקייט פונ דעמ כ׳ קאָלצאָוו מ. יע., באַפויל איכ פאַרעכענענ אימ אינ די צעטלענ פונ דער N־ער אוויאַ־בריגאַדע פונ מ ל ק  א פ ר א [1]) אונ געבנ אימ דעמ טיטל פונ א פליִער־באַאָבאַכטער.

(פונעמ באַשלוס נומ. 883 פונעמ פאָלקס־קאָמיסאַר איבער די מיליטערישע אונ יאַמ־איניאָנימ פונעמ פאַרבאַנד פונ סס״ר.)

כאַווער פאָלקסקאָמיסאַר! דערלויבט אייַך צו מעלדנ פריִער פונ אלצ וועגנ די אייַנגעבוירענע מייַלעס פונ אייניקע פעלקער.

צומ בייַשפּיל, נאָרוועגער.

— מיר זייַנענ שטענדיק געווענ אונ מיר פאַרבלייַבנ ביז אציַנד א פאָלק פונ יאַמ־לייַט. א יאַמ־שייוועט זייַנענ מיר! — מיט אזא שטאָלצ־קייַט מעלדנ די נאָרוועגער וועגנ זייערע נאַציאָנאַלע מייַלעס.

נאָר מע דאַרפ זאָגנ, כאַווער פאָלקסקאָמיסאַר, אז דאָסזעלבע זאָגנ וועגנ זיכ די ענגלענדער.

— ענגלאַנד — דאָס איז דאָכ דאָס לאַנד פונ יאַמענ. נעמט דעמ קאַפּיטאַנ קוק אָדער דעמזעלבנ אדמיראַל נעלסאָנ. אונ איבערהויפּט — יעדער ענגלענדער איז א געבוירענער מאַטראָס.

נאָר דאָס אייגענע זאָגנ וועגנ זיכ די האָלענדער.

— די האָלענדער מאַטראָסנ זייַנענ די בעסטע אינ דער וועלט. פאַרוואָס? דערפאַר ווייַל מיר, האָלענדער, זייַנענ פונ זינט די וועלט שטייט געשווומענ איבער יאַמענ, אונ אזויאַרומ זיכ אויסגעפורעמט אלס א יאַמ־נאַציִע.

נאָר אויב מע זאָל פרעגנ די שפּאַניער — וועלנ זיי אויכ, ניט לאַנג געטראַכט, ענטפערנ:

[1]) מיליטערישע לופט־קרעפטנ פונ דער אַרבעטער־פּויערשער רויטער ארמיי.

— וואָס איז שײַעכ? אנדערע זאכנ, מײלע, וועלנ מיר זיכ מיט אײַכ ניט איבעריק שפארנ, נאָר אינ יאמ־איניאַנימ וועלנ מיר אפ זיכער געבנ יעדער פאָלק פערציק אײגלעכ פאָרע. ווער האָט אנטדעקט אמעריקע? קאָלומב, א שפאניער. אָט דאָס רעדט מענ דאָכ...

ווענ מע זאָל א זאָנדיר טונ דעמ באָדנ בא די איטאליענער, פאָרטוגאלער, גריכנ, יאפאָנער אונ פערסנ—וואָלטנ זיכ באקומענ די אײגענע ענטפערנ, נאָר מיט אָנווײַזונגענ אפ מעריגאָ וועספו־טשי, וואסקאָ דע גאמא, פעמיסטאָקלעס אונ די אדמיראלנ נאָגי אונ טאָגאָ.

אפילע מע זאָל יאָפשטעלנ דעמ סאָלידנ בורזשואזנ יאבאָשע־דיקנ דײַטש אונ אימ פארגעבנ עטלעכע פראגעס איבער יאמ־זאכנ— וועט ער, ניט לאנג געטראכט, זאָגנ:

— איר פרעגט, וואָס פארא יאמ־לײַט די דײַטשנ זײַנענ, נאָר ווער־זשע זײַנענ יאמ־לײַט, אויב ניט די דײַטשנ! איכ רעד שוינ ניט פונ אמאָל—נאָר האָט דענ ניט אונדזער געוועזענער קײזער ווילהעלמ פײַערלעכ געמאָלדנ: „די צוקונפט פונ דײַטשלאנד איז אפ דער וואסער"? איר מײנט אוואדע, אז דאָס האָט געזאָגט דער בראזילישער פרעזידענט אָדער עגיפטישער קעניג? דאָס האָט אונדזער, אונדזער אײגענער קײזער געזאָגט...

די קריגערײַענ וועגנ דער נאציאָנאלער צוגעפאסטקײַט צו דער יאמ־טעטיקײַט זײַנענ פונקט אזוי אומענדלעכ, ווי נאריש. ס'איז גאָרניט שווער ארײַנציענ אינ אָט דעמ קרײַז די „פראָבלעמ" וועגנ די יאמ־אײגנשאפטנ אויכ פונ דעמ רוסישנ פאָלק. ס'וועט זיכ ארויסבאווײַזנ קלאָר, וואָס קלאָר הײסט, אז די רוסישע מאט־ראָסנ האָבנ זיכ היסטאָריש ארויסבאוויזנ מיט גאָרניט ניט ערגער פונ אלע אנדערע. נאָר וואָס איז עפעס נאָר רוסישע? אינ ענגעל־סעס מיליטערישע ארטיקלענ געפינענ מיר א קלאָרע אָנווײַזונג אפ דעמ, אז אינ דעמ רוסישנ פלאָט פונ דער מיט פונעמ פאר־גאנגענעמ יאָרהונדערט האָבנ זיכ באוויזנ אלס גאנצ מוט־דרײסטיקע

מאטראָסנ און סאָלדאטנ אוקראַינישע און גאליציאַנישע ייִדנ פונ די קאנטאָניסטנ. און פונ דער צווייטער זײַט ברענגט די געשיכטע א גאנצ פעסטע מײַסע וועגנ דעם, אז ניט עמעצער אנדערש, נאָר דער בארימטער אדמיראל נעלסאָנ אליינ האָט געמייקעט אינ יאמ ארײַנ, ווי א קעצעלע. און ווענ?—פונקט אינ דער צײַט, ווענ ס'איז פאָרגעקומענ דער בארימטער שלאכט בא טראפאלגאר! נאָכדעמ גיי זײַ אזוי גוט און דערווײַז, ווער איז א יאמ־פאָלק, און ווער איז ניט קיינ יאמ־פאָלק!

די צוגעפאסטקײַט צו דעמ אָדער אנ אנדערנ ארבעטס־געביט, צו דער אָדער יענער נאטור־סוויווע ליגט ניט פארבאָרגנ אינ די אייגנשאפטנ פונעמ בלוט און ניט אינ די אייגנשאפטנ פונ דער ראסע. אינ גרונט, ליגט זי אינ דער מאסנ־טרענירונג, וואָס ציט זיכ פונ לאנגע יאָרנ אָנ, און זי איז פונקט אפ אזויפיל א באשטענדיקע און אײַנגעשפארטע, אפ וויפל ס'שטויסנ זי צו דעמ די עקאָנאָמישע סיבעס, די פראָדוציר־פארהעלטענישנ פונעמ לאנד.

ווענ די קירגיזנ זאָלנ ניט געווענ מוזנ זיכ טראָגנ איבער די סטעפעס, צונויפרופנדיק און אָפהיטנדיק זייערע טשערעדעס—וואָלטנ זיי ניט געוואָרנ קיינ פאָלק פונ לײַדנשאפטלעכע רײַטעריעס.

ווענ די קאפיטאליסטישע אנטוויקלונג און דאָס פארכאפנ די קאָלאָניעס וואָלטנ ניט געווענ געפאָדערט פונ ענגלאנד אנטוויקלענ דעמ האנדל,—וואָלט זיכ ניט געווענ געשאפנ די ענגלישע שיפ־ראָמאנטיק, אָנגעהויבנ פונ מאריעטנ און סטיווענסאָנענ—ביז קאָנראדנ און פעמבערטאָנענ.

כאווער פאָלקסקאָמיסאר! איכ זאָג דאָס אלצ צוליב דעמ, ווײַל איכ האָב א פעסטע איבערצײַגונג און ווילנ—די גאנצע מישפּאָכע פונ ראטנפארבאנד אָנ שומ נאציאָנאלע פאנאנדערטיילונגענ און אויסנאמענ, דאָס גאנצע ארבעטנדיקע מענטשנ־פאָלק אפ אָט דעמ זעקסטכיילעק פונעמ ערד־קײַלעכ, און פריִער פונ אלצ זײַנ הייס־אימפעטיקער און פעסטער אוואנגארד, די ארבעטער־יוגנט, דער

קאָמיוג — דאָס אַלץ דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין איין פאָלק פון פליִענדיקע געפליגלטע מענטשן.

מיר האָבן איינגענומען דעם ערד־שעטעך פון דער באַלטיקע ביז דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, פון די אַרקטיקישע אייז־יאַמען ביז די גרענעצן פון אינדיע, און דערבײַ באַקעמפט די ביטערע דורכגע־טריבענע באַדריקער און פּאַראַזיטן. ניט שווינ־זשע וועלן מיר, כאַוער פאָלקסקאָמיסאַר, ניט פאַרייגענען, ניט אײַנעמען דעם הימל איבער אָט דער ערד, און ניט באַקעמפן די נאַיִוו־פּרימי־טיווע נאַטור?!

ניט צוליב ראָמאַנטיק בינדן מיר צו אונטער דער באָלשע־וויסטישער פליִיִצע מעטאַלענע פליגל. ניט צוליב פּאָעזיע.

ס'וועט זײַן ראָמאַנטיק אויך, ס'וועט זײַן פּאָעזיע אויך, נאָר דאָס וועט זײַן שפּעטער.

רעאַלע, וואָכעדיקע, פּראָזאִישע, זייער האַרבע און דערבײַ פרייידיקע סיבעס — שטויסן דעם אַרבעטער־קלאַס און דאָס פויער־טום צו באַשאַפן א גרויסן, מעכטיקן, מיליטערישן און בירגער־לעכן לופט־פלאָט.

די הויפּט־סיבעס זײַנען — דרײַ.

די טעמפּן — די רוימען — די באַשיצונג.

מיר בויען אונדזער סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, פירן און־טער דעם פונדאַמענט פון דער נײַער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט און מיר פאַרציִען דאָס ניט אויף לאַנג.

מיר אײַלן זיך. מיר ציילן יעדער יאָר און יעדער מינוט. אונדז טרײַבן אונטער די טעמפּן, וואָס מיר האָבן זיך אַליין פאַר־געבן, און מיר טרײַבן אונטער זיך אַליין און אונדזערע טעמפּן מיט דער גרויסער אומגעדולד פונעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס. מיר זעצן אַרויף דעם פויער אויף דעם טראַקטער און דעם אַרבעטער אויף דעם אווטאָמאָביל — דער בענזינ־באַוועגער אײַנגעשפּאַנט אין דעם סאָציאַליסטישן וואָגן, וועט גיכער ברענגען צו פירן צום ציל. און דערזעלביקער באַוועגער מיט פליגל — וועט פינף מאָל

שנעלער פארגיכערן די פארקער־פארבינדונג און די קעגנזײַטיקע אופווירקונג צווישן די באזונדערע טײלן פון דער ווירטשאפט, דעם קעגנזײַטיקן אויסטויש צווישן זיך מיט די קאָסטבארע מאַטעריאַלן, אינסטרומענטן, מענטשן.

די פלי־מאשין — דאָס איז דער דריטער שלוס־רינג, וואָס וועט איינינעם מיט דעם אווטאָמאָביל און דעם טראַקטער באַוואָרענען די ווירקלעכע אמעריקאנישע און איבער־אמעריקאַנישע יאָג־טעמפּן פאר דער גרויסער סאָוועטישער בויונגס־ארבעט.

און ס׳איז דאָך טאקע פאראן, כאָוער פאָלקסקאָמיסאר, ווו א פלי צו טון!

דער סאָוועטישער קאָנטינענט, וואָס ס׳איז אים ניט ארומצוכאפּן, די גרעסטע פלאַך־ערדן אין דער וועלט, וואָס האָבן זיך צעוואָרפן איבער צוויי וועלט־טײלן, א וונדערלעכער טרוקענער אָקעאן מיט מיליאָניקע פּאָרטן פאר דעם לופטישן שיפ־פארקער. פליִען איבער ווײַסרוסלאנד און פליִען איבער מאָלדאוויע און פליִען איבער טורקמעניע, איבער וואָלגע און איבער אמור, איבער אוראל און איבער קאווקאז, באדעקן מיט הונדערטער לופט־ליניעס און וועב־צווײַגעלעך דעם גאנצן ראנטפארבאנד — צי איז עס דען ניט אונדזער ערשטע פון די ערשטע באדערפעניש און כויוועס!

פארשטייט זיך, מע דארף ניט, אומטראָגנדיק זיך אין די הימלען, פארגעסן אין דער ערד: אונדז איז בלוטיק־וויכטיק צו האָבן באַנ־ליניעס און שאָסיי־וועגן. נאָר אין אונדזער לאנד געפינען זיך גאנצע מעכטיקע קאנטן — צאָפּן, מיזרעך — ווו קיינמאָל ניט, בא קיינע באדינגונגען, וועלן די ערד־וועגן ניט קאָנען דערגרייכן זייער פולן עפעקט. דאָ, אין די פּאָליארישע טונדרעס, אין די זאמדיקע מידבאָריעס, אין די בארג־קנופּן — וועט די פלי־מאשין אפ שטענדיק בלײַבן דער פעסטסטער, באקוועמסטער, דער זיכערסטער פרײַנט פונעם מענטשן.

נו, איז אויב בא הײַנטיקן טאָג וואָלטן שוין געווען דער־גרייכט אַלע נייטיקע טעמפּן, אויב אונדז וואָלטן ניט געדריקט די מעשונע־אומגעהייערע ברייטן און ווײַטן פון דער סאָוועטיש־ער ערד — וואָלט מען זיך געקאָנט באַגיין אָן דער אוויִאַציע?

— ניקאַק ניעט, כאַוועր פאָלקסקאָמיסאַר, מיר זײַנען דען די איינציקע אויף אָט דער פּלאַנעטע?

מיר געדענקען דאָס, אויף וואָס איר האָט אונדז שטענדיק אָנגעוויזן.

די סאָוועטישע זעקסטע טייל פון דער וועלט געפינט זיך נאָך אין אַ רינג פון קאַפּיטאַליזם. דער רינג האַלט זיך אין איין דראָענדיקן רודערן. ער וויל דערשטיקן די אומגעהערטע, די אומבאַגרײַפלעכע אַרבעטער־מעלוכע.

מע וויל אונדז דערשטיקן. מע גרייט געווער.

און אין דער באַשטימטער שאָ וועט דער טויט פון „דאָרטן" זיך באַווײַזן פריִער פון אַלץ פון דער לופטן. איך זע אים דײַט־לעך — אָט פליט ער, ריטמיש הודען די שרויפן און פאַרטונקלט גלאַנצט זײַן שרעקלעכער טרעלבויך פון דיוראַליומיני...

גיפטיקע פעלד־בינען — אויסראָטערס, מאָגערע דינע אויס־שפּירערס, בראָנירטע שטורעם־מאַשינעס, שווערע באָמבע־פירערס — אַלע טיפן רויבערישע מיליטערישע פייגל שיילן זיך אויס מיט אימפּעטיקער האַסטיקייט דאָרטן אויף יענער זײַט גרענעץ, אין די אימפּעריִאַליסטישע זאַוואָדן. זיי גרייטן זיך פונדערלופטן רײַסן, פּיקן דעם קערפּער פונעם ראַטנלאַנד. וועלן מיר דאָס שווײַגנדיק צוקוקן, וועלן מיר שטיין, אומבאַהאָלפן פאַרײַסנדיק דעם קאָפּ אַרויף?

— ניקאַק ניעט, כאַווער פאָלקסקאָמיסאַר, מיר וועלן אַזוי ניט טון, מיר געבן אײַך דאָס וואָרט.

מיר וועלן זיך אויפהייבן אינדערלופטן און געבן אַ שלאַכט אַנטקעגן. מיר וועלן דאָרט, אויף דער הייך פון צוויי קילאָמעטער, איבערהריזען דעם גאָרגל דער אָנגרײַפערישער אַעראָפּלאַנען־סטײַע.

צי האָבן מיר ניט פאר דעם קיין גרונטן?

ווער האָט געזאָגט, אז די ארבעטער, אז דער קאָמיוג, אז די באָלשעוויקעס זײַנען ניט קיין געבאָרענע קאדרען פאר דעם לופט־פלאָט?

ווער און מיט וואָסערע אָנווײַזונגען אפ נאציאָנאלע, אָדער ביאָלאָגישע, אָדער נאָך אנדערע מינע אייגנשאפטן, קאָן דאָס אָפלייקענען?

קיינער ניט, אין קיין פאל ניט, קיינמאָל ניט!

מיר דארפן פליען—מיר וועלן פליען. צי וועלן מיר קאָנען?
טאק טאָטשנאָ, כאווער פאָלקסקאָמיסאר!

# אינהאלט


א לופט־רייד . . . . . . . . . 3

א זילבערנ קאטשקעלע . . . . . . . . . 20

א שיינער טויט אונ צענ טשערוואָנצעס . . . . . . . 27

איינ פילאָט אונ צוויי בריוו . . . . . . . . 32

א כעזשבנ, נאָר ניט קיינ ענדגילטיקער . . . . . . 39

איטלעכער אפ ,זיינ פלאצ . . . . . . . . . 45

אינ געסט צו פרעמדע . . . . . . . . . 51

טראונעמיונגדע . . . . . . . . . . 65

פינפ שאָ מיט א האלבער . . . . . . . . 75

פארשיידנערליי אומדערוואַרטקייטנ . . . . . . . 84

די קאטאסטראָפע מיט דער געהיימער לופט־שיפ . . . . . 93

לופט־אינזשענערנ . . . . . . . . . . 107

אונ אָט זיינענ מיר אינ ניו־יאָרק . . . . . . . 120

א טויטער שלייפ . . . . . . . . . . 125

א גראָדע ליניע . . . . . . . . . . 136

געלע זאמד . . . . . . . . . . 148

אינ עק וועלט . . . . . . . . . 161

אראפאָרט דער באטשאלסטווע . . . . . . . 173